# CONTROL TEST TARGET
# for Kodak Quality Monitoring















Aa Bb Cc Dd Ee Ff Gg Hh Ii Jj Kk Ll Mm Nn Oo Pp Qq Rr Ss Tt Uu Vv Ww Xx Yy Zz
Aa Bb Cc Dd Ee Ff Gg Hh Ii Jj Kk Ll Mm Nn Oo Pp Qq Rr Ss Tt Uu Vv Ww

Note: This target is intended for routine quality control checking and uniformity.
It is not to be used for certification of meeting any ANSI or ISO Standards for image quality requirements.
Note: To record background density, use a blank sheet of white paper.

A-2289 CAT 800 7403 Rev. 2/00 @ Eastman Kodak Company, 2000 Printed in U.S.A.

Document Imaging
EASTMAN KODAK COMPANY
Rochester, New York 14650
1-800-232-8811

DOCUMENT IMAGING



**Daniel, M.**
**Derfinder un komedyant: (Yohan Gutenberg).**
**Kiev, 1937.**

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2005- 1893.19

**Daniel, M. 1900-1941**
Derfinder un komedyant : (Yohan Gutenberg) / M. Daniyel.
Kiev : Melukhe-farlag far di natsyonale minderhaytn in USSR, 1937.
Varying form of title: Vynakhdnyk i komediant.
91 p. ; 18 cm.

1. Gutenberg, Johann, 1397?-1468--Drama.
I. Ukraine-Kyïv

ID : NXYH01-B20326 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL #: /12022

Reduction ratio x 10.0

מ. דאניִעל

# דערפינדער און קאָמעדיאַנט

(יאָהאַן גוטענבערג)

מעלוכע־פארלאג
פאר די נאציאָנאלע מינדערהייטן אין אוססר
קיִעוו • 1937

Printed in Soviet Union

פאראנטוואָרטלעכער רעדאַקטאָר — ל. מישקאָווסקי. טעכנישער רעדאַקטאָר ש. בוים. קאָרעקטאָר — אי. שטולמאַנ.
פאפיר $^1/_{32}$ — 3 דרוקבויגנ. אינ איינ פאפיר־בויגנ 64 000 צייכנס. טיראזש 2350 עקז. 11־טע דרוקעריי אופקפ״ס, בערדיטשעוו. באפולמ. פונ הויפטליט נומ. 5862. באשט. נומ. 5603 פארלאג־נומ. E־128. אָפגעגעבנ אינ זאצ XII/14—1936. אונ־טערגעשריבנ צומ דרוק III/7—1937.

# אָנטיילנעמער

יאָהאַנ גוטענבערג, 57 יאָר

פעטער שעפער
גיינצ פאָגעל
סימאָנ ראָזענטאל
יאקאָב גערדער
— יאָהאַנ גוטענבערגס לערניינגלעכ.

האַנס זיגפריד — פּראָפעסער אונ אויספירער אינ א מיטלאלטערלעכער וואנדערער־טרופּע.

אַגנעסע זיגפריד — זיינ טאָכטער.

פרידריכ זיגפריד — זיינ זונ.

מאַרגאַריטע זיגפריד — זיינ פרוי.

יאָהאַנ פוסט — בורגמייסטער פונ דער שטאָט מיינצ.

קאטערינע — זיינ טאָכטער, אנ אלטע מויד מיט א פּאָנעמ אינ פּאָקנ.

דופּיק
לופּיק
— מאָנאַכנ — איבערשרייבער פונ הייליקע ביכער.

בערנאַרד — אויפזעער פונ מאָנאַסטיר.

אווגוסטינ — עלטסטער מאָנאַכ פונ א שכיינעסדיקנ קאָנקורירנדיקנ מאָ־נאסטיר.

ריכטער.

וואכליים, הענדלער, באלמעלאָכעס, אדל־ליים.

צייט — העלפט פונ XV יאָרהונדערט.

אָרט — אינ דער שטאָט מיינצ.

---

(די שפּיל קומט פֿאָר אין דער דײַטשישער האַנדל־שטאָט מײַנץ. ווען עס עפֿנט זיך דער פֿאָרהאַנג, זעט דער צושויער אַ פֿאַרביקן מיטלאַלטערלעכן מאַרק.

אין דער זײַט די געבײַדע פֿון ראַטהויז.

אינמיטן מאַרק אַ פֿיגור פֿון אַ ריטער, אָנגעטאָן אין אַ פּאַנצער. אין האַנט אַ שווערד — אַ סימבאָל, אַז די שטאָט פֿאַרמאָגט רעכט פֿון טויט־שטראָף.

נעבן דער ריטער־פֿיגור — אַ הויכער שטעקן, אויפֿן שטעקן — אַ ברייטע שטרויענע הוט — אַן אָנזאָג, אַז דער מאַרק איז אָפֿן. ווען עס ענדיקט זיך דער האַנדל אויפֿן מאַרק, נעמט צו דער מאַרק־וועכטער דעם שטעקן און הוט — אַן אָנזאָג, אַז דער מאַרק איז פֿאַרמאַכט.

פֿון ביידע זײַטן ראַטהויז צוויי טויערן; וואָס זײַנען איצט פֿאַרוואַנדלט אין האַנדל־געבײַדעס, ווו כאָשעווע, אָנגעקומענע פֿון פֿרעמדע מעדינעס, הענדלער, האָבן פֿאַנאַנדערגעלייגט טעפּיכער, געוואַנטן און זײַדנס.

אין דער טיף, אויף אַ באַרג — הויכע קלויסטערשע געבײַדעס. אַנטקעגן ראַטהויז, אויף הילצערנע קאָזלעס ליגן ווײַסע אָפּגעהובלעוועטע ברעטער, בילדן אַ מין בריקל. הינטער די ברעטער — אַ גרויסע פּירקאַנטיקע בויד. די זײַט, וואָס גייט אַרויס צום מאַרק, איז פֿאַרהאַנגען מיט אַ פֿאַרביקן פֿאָרהאַנג: אין בויד געפֿינט זיך האַנס זיגפֿרידס וואַנדער־טעאַטער. אויסגעשרייען).

זײַד־הענדלער. זײַד פֿון גריכנלאַנד, פּורפּור, זײַד! דרײַ מאָל דאָס לעבן געשטעלט אין קאָן. רויבער זײַנען באַפֿאַלן. אַ וואָך פֿון פֿופֿצן מאַן האָבן מײַנע פֿורן געהיט. זײַד און פּורפּור פֿון גריכנלאַנד פֿאַר אײַך געבראַכט. סיניאָריטעס, סיניאָריטעס, ווער עס טוט זיך אָן אין מײַן זײַד, ווערט ייִנגער אויף פֿופֿצן יאָר.

העדלער פון געווירצן. ווער עס וויל דעם מאַן געפעלן, זאָל בײַ מיר געווירצן זיסע קויפן, און קעדיי דער וואַרעמעס זאָל זײַן געשמאַק — פעפער פון דער ווײַטער אינדיע... פעפער פון דער ווײַטער אינדיע.

געווער־פאַרקויפער. ריטער העלדישע, אויבֿ איר ווילט דעם פײַנט שלאָגן און מיט גאַנצע ביינער אַהיים קומען — קויפט בײַ מיר אַ שווערד און פאַנצער.

טעפיכער־פאַרקויפער. ווער איז אַ באַלן קויפן טעפיכער פון פלאַנדריע! עס איז שוין שפּעט, די זון פאַרגייט — ביליק קויפט, און איך וועל גיין אין שענק, מײַן האַרץ נאָך זיסן ווײַן עס בענקט. ביליק קויפט טעפיכער פון פלאַנדריע, טעפיכער פון פלאַנדריע.

מאַרק־אויפזעער. האַרנטע, שטראָף צאָלט. בײַ אײַך איז דער שלייף אויפן קלייד מיט גאַנצע פינף פינגער לענגער, ווי דער מוסטער, וואָס איז אַרויסגעשטעלט אין ראַטהויז און באַשטעטיקט פון בורגמייסטער און די עלטסטע פון די צעכן. שטראָף צוויי גילדן צאָלט.

האַרנטע. גיי אַוועק. נו, לאָז צורו. בײַ מיר איז דער שלייף פונקט די לענג, ווי עס איז אָנגעוויזן אויפן ראַטהויז.

אויפזעער. צאָלט שטראָף.

האַרנטע. זוך זיך דיר אַ בעסערע און ערלעכערע פאַרנאָסע. איך וועל ניט צאָלן.

מאַרק־אויפזעער. וואַך! פאַרנעמט זי אין ראַטהויז! זי איז אויוועך געוועזן אויפן געזעץ. (מע שלעפּט זי אַוועק).

ווײַנ־פאַרקויפער. ווער עס וויל, דאָס האַרץ זאָל קלאַפּן יונג, דער קאָפּ זאָל ווערן קלאָר, די פיס זאָלן ווערן גרינג, טרינקט אויס אַ בעכער ווײַן, פאַרטרינקט מיט אַ צווייטן און שווענקט אַראָפּ מיט אַ דריטן.

קויפט ניט קיין ווײַן בײַם עקאָנאָם פון מאָנאַסטיר, דער יעפּיסקאָפּ האָט אין ווײַן דרײַ עמער הייליק וואַסער אַרײַנגעגאָסן...



איך גיבֿ אומזיסט פאַרזוכן, טרינקט, פרײַנט, פאַר מײַן געזונט. ביטע, ביטע. נאָר אויבֿ איר פאַרנעמט זיך נאָר מיט „פאַרזוכן", זאָל זיך דער ווײַן מײַנער אײַך אין האַלדז שטעלן, און איר זאָלט ניט קענען אים ניט אַראָפּשלינגען און ניט צוריק אויסברעכן. טרינקט, פרײַנט, פאַר מײַן געזונט.

איך גיבֿ אומזיסט פאַרזוכן.

(רעפּליקעס אין דער גרופּע, וואָס שטייט אַרום דעם ווײַנ־הענדלער).

ערשטער. איך טרינק פאַרן געזונט פון האַנס זיגפרידן!

צווייטער. פאַרוואָס הייבט ער ניט אָן די שפּיל? עס איז שוין שפּעט. דער מאַרק גייט צום סאָף.

דריטער. ער וויל, מיר זאָלן זיך אויסהונגערן, דאַן וועלן מיר ברייטער די טײַסטערס עפענען. אַ פריילעכער יונג, אַ צונג, ווי אַ מעסער, און האָט פאַר קיינעם קיין מוירע ניט. מיט דרײַ יאָר צוריק איז ער דאָ געווען, אַ גאַנצן כוידעש געלעצעוועט אויפן מאַרק. אַלע האָבן פון אים אַרײַנגעכאַפּט. דער מאַגיסטראַט, דער בורגמייסטער, דער קלויסטער, די פּריצים, מע האָט אים דאַן פון שטאָט אַרויסגעטריבן. איצט איז ער ווידער דאָ.

אויסגעשרייען. — זיגפריד, הייבֿ אָן!

— גענוג זיך גרייטן!

— דער אוילעם צעגייט זיך, דו וועסט דאַרפן שפּילן פאַר די שטאָט־ציגן.

(פון בויד לויפן אַרויס: אַגנעסע זיגפריד — אַ זעכצניאָריק בלאָנד מיידל מיט גרויסע בלויע אויגן, לענגלעכן פּאָנעם, אין איר איז פאַראַנען אַסאַך שטריכן פון אַ שטיפער — אַ ייִנגל; און — אַלבערט זיגפריד — אין די זעלביקע יאָרן).

אַלבערט. פרומע לײַט!

אַגנעסע. גוטע לײַט.

אַלבערט. ווער עס גלייבט אין גאָט!

אַגנעסע. ווער — אין טײַוול.

אַלבערט. ערלעכע הענדלער.

א ג נ ע ס ע. אונ גלאט גאנאָווים.

א ל ב ע ר ט. באלד וועט דער באַרימטער קונצנמאכער...

א ג נ ע ס ע. שווערדנ־שלינגער...

א ל ב ע ר ט. שפּילער, זינגער, ווערטלזאָגער...

א ג נ ע ס ע. פריילעכ־מאכער אונ באקלאָגער...

א ל ב ע ר ט. אײַכ באווײַזנ — קוקט!

א ג נ ע ס ע. איר וועט בעמיילע גאָרנישט זענ.

א ל ב ע ר ט. הערט!

א ג נ ע ס ע. עס איז בעמיילע גאָרנישט ווערט.

א ג נ ע ס ע אונ א ל ב ע ר ט.

מיר הייבנ אָנ די שפּיל,
אונ ווער עס וויל —
ווארפט קלינגער:
קופּער, מינצ אונ זילבער.

א ג נ ע ס ע. מיר זײַנענ הונגעריק.

א ל ב ע ר ט. ניט געגעסנ שוינ דרײַ טעג.

א ג נ ע ס ע. די שפּיל איז ווערט א הארטנ זעצ אָנ דר'ערד.

א ל ב ע ר ט. מיר זאָגנ אָנ!

א ג נ ע ס ע. מיר הייבנ אָנ!

א ל ב ע ר ט. די באוווּסטע שטיק, פארפאסט פונ דיכטער־קאָמעדיאנט אונ גאסנזינגער האנס זיגפריד.

א ג נ ע ס ע. די מאָראליטע איז באַרימט אפ דער גאנצער וועלט מיטנ נאָמענ:

ב י ד ע. „דער אָנגעבלאָזענער אינדיק".

מאכט א ווארע! מאכט א ווארע! ער גייט!!!

(פונ בויד פירט מענ ארויס א קאָלאָסאלנ אינדיק, זייער רײַכ געקליידעט: ווײַסע זאָקנ, זײַדענע שווארצע פאנטאָפל מיט זילבערנע פארשפּיליער. א פּורפּור־רויטער גאלאָכים־מאנטל, ארום — א סוויטע מאָרנע באשעפענישנ. די מוזיק שפּילט א פריילעכנ באגעגעניש־מארש).



ה א נ ס ז י ג פ ר י ד. דערלויבט מיר אײַכ פאָרצושטעלנ דעמ געטלעכנ אינדיק, וואָס איז קלוג, ווי די גאנצע וועלט, שיינ, ווי די זונ.

א ג נ ע ס ע (אָנ א זײַט). אונ פאסקודיעט אומעטום.

א ל ב ע ר ט. אונ האָט ליב פרעמד געלט.

א ג נ ע ס ע. איר דארפט נאָר זײַנ נאראָנים אונ געבנ.

א ל ב ע ר ט. וועט ער נעמענ.

ה א נ ס ז י ג פ ר י ד. שטיל זאָל זײַנ, רעספּעקט אונ קאָוועד,

דער געטלעכער אינדיק האָט זיכ אָנגעבלאָזנ —
אונ וועט גלײַכ עפּעס זייער וויכטיקס זאָגנ,
זייער טיפע געדאנקענ.

ד ע ר א י נ ד י ק. האָלדער, באָלדער, באָלדער!

ה א נ ס ז י ג פ ר י ד. קאָמעדיאנטנ פריילעכע, וואָס וויל דער אינדיק? וואָס איז זײַנ באגער?

א ג נ ע ס ע. ער האָט געזאָגט איינ מאָל — האָלדער,
אונ צוויי מאָל — באָלדער.

א ל ב ע ר ט. דו ביסט טויב הײַנט, איכ האָב גוט געהערט:
איינ מאָל — באָלדער,
אונ צוויי מאָל — האָלדער.

א ג נ ע ס ע. איינ מאָל — האָלדער
אונ צוויי מאָל — באָלדער.

א ל ב ע ר ט (גיכ). באָלדער, האָלדער, האָלדער...
האָלדער, באָלדער, באָלדער...

(א קריג, געשריי, געשלעג, דער אלטער זיגפריד נעמט זיי פאנאנדער).

ה א נ ס. שא... שא... נו, גענוג, רוכעס, שרײַענ! מיר וועלנ פרעגנ באמ געערטנ פובליקומ. בירגער, איר האָט עפּשער פארגעדענקט, וויפל מאָל האָט דער געטלעכער אינדיק געהאָלדערט אונ געבאָלדערט?

שטים פון אוילעם. איין מאָל האָלדער, און צוויי מאָל באָלדער.

האנס. א, א, באַטייַט עס, אז דער געטלעכער אינדיק איז הונגעריק, ער און די סוויטע זייַנע... מע מוז גלייַך אופמאָנען בא די פויערים, צעכן און הענדלערס צינזן און שטייַערן... (מיט א בייַטש אינ האנט) זוכט, שלעפט, רייַסט, נישטערט און דערלאנגט פארן געטלעכן אינדיק און זייַן סוויטע—

געבראָטענע הינער,
גענדז און קאטשקעס,
ווייַן און מעד,
און כאזערפלייש — געריכערטס און געבראָטנס,
לייַן און וואָל,
דערלאנגט, דערלאנגט!

(מע שלעפט פון אלע זייַטן, הינטער דער סצענע א געשריי און א געוויינ פון פויערים. אפ דער סצענע וואקסט א בארג עסנווארג. דער אינדיק און די סוויטע דרייען זיך און טאנצן. אינ ווינקל מארק, ווו עס שטייען פויערים, וואקסט אַן א טומל).

א פויערטע (האלט ניט אויס, לויפט ארופ אפ דער בינע). מייַן כאזערל, איך דערקענ אים נאָכן עק, א ראָזינקער, א יונגינקער, מיט אנ אָפגעהאקט עקעלע... פינפ כאדאָשים אים געהאָדעוועט, גיט מיר גלייַך אוועק. אינדערפרי בינ איך פון דאָרפ ארויסגעפאָרן, איז ער נאָך אינ שטאל געשטאנען. זיי האָבן אים אוועקגעשלעפט. איך בינ דעם פאָרעץ און דעם קלויסטער גאָרניט שולדיק. גנייווע, גזיילע איז עס.

פויער. גיט איר אָפ דאָס כאזערל.
זי איז דעם קלויסטער גאָרניט שולדיק.
זי איז דעם פאָרעץ גאָרניט שולדיק.

האנס. נו, גענוג, גענוג! שווייַג נארישע פויערטע, דאָס איז דאָך א שפיל, א באלאגאן, און דער פריילעכער האנס זיגפריד מאכט לוסטיק... און דו האָסט זיך פאנאנדערגעשריִען, ווי בא זיך אינ



דאָרפ. דאָס כאזערל איז פון אָפגעברענטן לוים געמאכט, נא, זע...

שטימען. — שטילער, שטילער.
— שטערט ניט די שפיל.

דער אינדיק (הייבט פלוצעם אָן אומלויפן).
האָלדער, באָלדער!
באָלדער, האָלדער!
פריו, פריו, פריו.

אגנעסע (לויפט ארויס). אוי, וועט מען קאטעווען...

אלבערט. אוי, וועט מען שמייַסן...

זיגפריד. וועמען?

שטים (פון אוילעם). דער בורגמייסטער גייט!!

(דער בורגמייסטער פוסט, ארומגערינגלט פון א וואך, און רייַכע שטאָט־באלעבאטים דערנענטערן זיך צום באלאגאן. דער אוילעם אינ שרעק טרעט אים אָפ דעם וועג. רוקט זיך פאנאנדער. א שטילשווייַגן).

בורגמייסטער פוסט. גלייַך אָפשטעלן די שפיל — איך פארבאָט!

דערקלער גלייַך דעם פאָלק און אלע פארזאמלטע דאָ, וואָס מיינסטו מיטן אָנגעבלאָזענעם אינדיק?

און נאָך א פראגע:

פארוואָס האָסטו ניט צוגעשטעלט אינ מאגיסטראט די אלעגאָריע דייַנע... דער מאגיסטראט דארפ זייַן שטעמפל לייגן...

האנס זיגפריד. אנטשולדיקט, געאכטער בורגמייסטער, צום באדויערן, וועט אייַך אויסקומען צו לייגן דעם שטעמפל בא מיר אפן שטערן. די אלעגאָריע האָב איך נאָרוואָס אויסגעטראכט, און פארשריבן איז זי בא מיר אינ מויעך און אפן צונג. ביטע, לייגט דעם שטעמפל, אָבער גיסט ניט צופיל הייסן טריוואקס, אניט וועט איר די אלעגאָריע אינייַנעם מיט מייַן צונג פארברענען... מע קאָן פאָרזעצן די שפיל?

בורגמייסטער פוסט. אז דו ביסט אַן אזעספאָנעמניק, ווייס

איך שוין פון לאַנג. דערקלער, וואָס מיינסטו מיטן אָנגעבלאָזענעם אינדיק, אָדער איך וועל זײַן געצוווּנגען פון שטאָט דיך פאַרטרײַבן.

זיגפריד. אַגנעסע! אַלבערט! און איר, קאָמעדיאַנטן פרײַלעכע, וואָס שווײַגט איר?! איר הערט דאָך: מע וויל אונדז פון שטאָט פאַרטרײַבן. קוליעט זיך און טאַנצט, רעדט, דערקלערט, עפּשער וועט דער געאַכטער בורגמייסטער ווייכער ווערן...

(זיגפריד רוימט עפּעס אײַן אַגנעסען אין אויער. אַלבערט, אַגנעסע און עטלעכע באַשעפענישן פון דעם אינדיקס סוויטע מאַכן פרײַלעכע קוליבּיטן).

אַגנעסע. און אויב איך וועל אײַך זאָגן, אַז מיטן אָנגעבלאָזענעם אינדיק מיינט מײַן פאָטער אָט דעם פּאָרעץ, וואָס בלאָזט זיך און האָלדערט, שרײַט און טומלט, און ווען מע פליקט אַרויס פון זײַן הוט (נעמט אַראָפּ פון זײַן קאָפּ די הוט) די פעדערן (טוט עס), ווײַזט זיך אַרויס, אַז אין קאָפּ איז בײַ אים זייער ווייניק מאַרך און שׂכל, פּונקט ווי אין אַ ליידיקן טעפּל.

אַלבערט (קלאַפּט אין טעפּל). איר הערט, בירגער — פּוסט...

האַנס זיגפריד. איר דאַרפט ניט ווערן בייז, דאָס שפּאַסט זי. (גיט אים אָפּ צוריק די הוט). נאָר אויב איך וועל זאָגן, אַז איך מיין עס ווירקלעך אים, דאַן וועט איר דאָך מיך פון שטאָט פאַרטרײַבן, איז זאָל בעסער זײַן, אַז איך מיין עס קיינעם ניט... אַ פּאָשעטער אינדיק, וואָס האָט אַ נאַרישע טעווע — זיך בלאָזן...

אַלבערט (ווענדט זיך אין דער זײַט, ווו עס שטייען די גײַסטלעכע). און אויב מיר מיינען גאָר גאָטס־דינער, וואָס...

זיגפריד (פאַרשטאָפּט אים דאָס מויל, לאָזט ניט ריידן). שווײַג, שוטע! אויב מיר זאָלן מיינען די קלויסטער־דינער, וואָס ריידן צו גאָט אָפּ אַ ניט פאַרשטענדלעכער שפּראַך און נעמען דערפאַר זייער פאַרשטענדלעכע שטײַערן... וועט מען דאָך אונדז אָפּן פײַער פאַרברענען, ווי אומגלויביקע און קישעפמאַכער. איז זאָל שוין בעסער זײַן, אַז מיר מיינען קיינעם ניט. אַ פּאָשעטער אינדיק, וואָס האָט אַ נאַרישע טעווע זיך בלאָזן...



אַגנעסע. וואַרט, וואַרט. און עפּשער מיינט מען גאָר די פּאָשעטע באַלמעלאָכעס, פויערים און אָרעמעלײַט, וואָס עסן שלעכט, גייען אָפּגעריסן, צאָלן שטײַערן, האָבן קיין דייע ניט, און אָנשטאָט צו טאָן, וואָס מע דאַרף... האָלדערן זיי און באָלדערן, און די יעפּיסקאָפּן, פּריצים, דער בורגמייסטער און די ראַטמענער לאַכן פון זיי, ווי עס לאַכן קינדער פון אַן אינדיק, וואָס בלאָזט זיך, גראַגערט אומזיסט און קאָן גאָרנישט טאָן...

שטימ (צווישן די אַרעמע־לײַט). זי רופט צו מערידע. זי העצט דאָס פּאָשעטע פּאָלק קעגן דעם קלויסטער און די פּריצים.

שטימ (צווישן די באַלמעלאָכעס). זעצט פּאָר, אַגנעסע, מיר פאַרשטייען! גוט אַרײַנגעזאָגט, אַלע באַקומען, וואָס מע האָט פאַרדינט.

שטימ. מע דאַרף זיי גלײַך פון שטאָט פאַרטרײַבן...

שטימ. זי באַליידיקט דאָס פּאָלק.

שטימ. גיי אַוועק, מויז, אַניט וועל איך דיר דײַנע אויגן אויסגראַבלען.

שטימ. שאַ! שאַ! דער בורגמייסטער וויל ריידן.

(דער בורגמייסטער מיט אַ וואַך טרעט אַרויס. אַלע רוקן זיך פאַנאַנדער מיט ערעפּורכט).

בורגמייסטער. איז הער, זיגפריד, מײַן לעצט וואָרט: אין מעשעך פון פינף טעג דאַרפסטו צושטעלן אין ראַטהויז די אַלעגאָריע אין פינף קאָפּיעס, געשריבן מיט אַ דײַטלעכער שיינער האַנטשריפט אויף גוטן פּאַפּיר אָדער דינעם לעדער. איך און די ראַטמענער וועלן עס איבערלייענען, דעם שטעמפּל שטעלן, אָדער פאַרבאָטן... ביז דאַן האָסטו קיין רעכט ניט פאָרשטעלן. ווײַל דו שטאַמסט פון אַ כאָשעווער מײַנצער פאַמיליע, דערלויב איך דיר בלײַבן אויפן מאַרק־פּלאַץ, דיר מיט דער פאַמיליע דײַנער... און איר, בירגער, צעגייט זיך אַהיים. אַזוי איז מײַן באַפעל! היי, וואַכלײַט, צעטרײַבט דעם עולעם!

(מע צעטרײַבט דעם עולעם. זיגפריד מיט זײַן טרופּע בלײַבט אַליין אויף דער בינע פון ברעטער).

ה א נ ס  ז י ג פ ר י ד. אוס־טוטו, דערשפּילט זיך. פינף קאָפּיעס אף גוטן פּאַפּיר אָדער דינעם לעדער. א מײַסע אף א יאָר, און געלט דאַרף מען האָבן א מאַיאָנטעק.

א ל ב ע ר ט. און דו מיינסט, אז די קלויסטער־איבערשרײַבער וועלן מאַסקים זײַן איבערשרײַבן „דעם אָנגעבלאָזענעם אינדיק״? דער יעפּיסקאָפּ און בורגמייסטער וועלן גיכער אונדז אף דער טליִע אוועקשיקן, איידער איין וואָרט פון דער שפּיל אָנשרײַבן.

א ג נ ע ס ע. מע דאַרף זיך פונדאַנען אָפּטראָגן.

ד ע ר  א י נ ד י ק. וווהין?! פוּן אומעטום האָט מען דאָך אונדז שוין אַרויסגעטריבן. (לויפט אַרום אַן אופגערעגטער איבער דער בינע: פון אונטער די פערדעס אַרויסגעטריבן אינדיקישן אויסזען לאָזט זיך אַראָפּ א קלייד, דערנאָך א יאַקל, באַם סאָף פונעם מאָנאָלאָג פאַרוואַנדלט זיך דער אינדיק אין א פּאָשעטער פּרוי, שוין ניט קיין יונגע און ניט איבעריק שיינע).

אוועק, אוועק פון מײַנע אויגן, אַלטער שוטע, דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט, אז מיטן „אָנגעבלאָזענעם אינדיק״ וועט זײַן צאָרעס. „האָלדער, באָלדער, האָלדער...״ דו ווייסט כאָטש, מיט וועמען דו האָסט זיך אָנגעהויבן? מיטן בורגמייסטער פּוסט! אַרויסטרײַבן אונדז פון שטאָט איז פאַר אים פּונקט אזוי גרינג, ווי פאַר מיר אויסרײַסן דיר אַלע גרויע האָר...

ה א נ ס  ז י ג פ ר י ד. מע דאַרף ניט.

מ א ר ג א ר י ט ע. וואָס דאַרף מען ניט?

ה א נ ס  ז י ג פ ר י ד. אויסרײַסן בײַ מיר מיטאַמאָל אַלע האָר, ווײַל בײַ א צווייטן אומגליק וועסטו, נעבעך, ניט האָבן וואָס צו רײַסן...

א ג נ ע ס ע. אַלבערט, פאַרלייג זיך די אויערן. די מאַמע האָט זיך צעשריִען, ביז אָוונט וועט זי ניט ענדיקן.

מ א ר ג א ר י ט ע. וואָס האָט זי געזאָגט?

א ל ב ע ר ט. זי האָט געזאָגט, אז דו, מאַמע, ביסט גערעכט.

מ א ר ג א ר י ט ע. אָט הער, וואָס קלוגע קינדער זאָגן... א פריילעך לידל געדאַרפט זינגען, קוּנצן מאַכן, צונויפקלײַבן אַביסל געלט און אוועקפאָרן.



מ א ר ג א ר י ט ע. איך פרעג בײַ דיר — וואָס וועט איצטער זײַן? קיין געלט איז ניטאָ, די בויד איז צעריסן, און דער רעגן רינט אַרײַן. די פערד זײַנען אויסגעמאַטערט... די קינדער פאַר־הונגערט. האָלדער, באָלדער! איך פרעג, וואָס וועט איצטער זײַן? (וויינט).

ה א נ ס  ז י ג פ ר י ד. באַרויִק זיך, מאַרגאַריטע, איך וועל וואָס צוטראַכטן... מע דאַרף ניט וויינען...

א ל ב ע ר ט. מע דאַרף זיך ראַטעווען.

א ג נ ע ס ע. אויב די מאַמע האָט אָנגעהויבן, איז עס א מײַסע ביז פאַרטאָג. אַלבערט, קום, קום! (זיי גאַנווענען זיך אַרויס, פאַרציִען דעם פאָרהאַנג, פון דער זײַט בינע — אַלבערט און אַגנעסע).

א ל ב ע ר ט. איך בין עפּעס הונגעריק. איך וואָלט איצט אופגעגעסן א געבראָטן כאַזערל, אָדער אַן אָפּגעקאָכט הינדעלע, א צוויי טעלער זופּ, א קליין טעפּעלע...

א ג נ ע ס ע. גענוג, גענוג, הער אוף. דו רעדסט, און בײַ מיר אין בויך ווערט אַלץ פוסטער, פוסטער, ווי דער גאַנצער מאָגן וואָלט אַרויסגעפאַלן. אוי, בין איך הונגעריק!

א ל ב ע ר ט. ווייסט וואָס, אַגנעסע, לאָמיר גיין זוכן ווו א פּיקניק טאָן.

א ג נ ע ס ע. וווהין?

א ל ב ע ר ט. אין אַן אײַנפאָרהויז, אָדער ווײַן־קעלער, דאָרט, ווו עס זיצן רײַכע הענדלער, וועלן מיר א לידל אָפּזינגען, אָדער עטלעכע קונצן ווײַזן. קום! קום, אַגנעסע!

א ג נ ע ס ע. גיי אַליין, באַקום וואָס צו עסן און ברענג אַהיים, דער טאַטע און די מאַמע זײַנען אויך הונגעריק.

א ל ב ע ר ט. פאַרוואָס ווילסטו מיט מיר ניט גיין? קום, אַגנעסע!

א ג נ ע ס ע. ניין, ניין. איך וואַרט אף פעטערן. געדענקסט יענץ מאָל, ווען מיר האָבן אין מײַנץ געשפּילט, האָב איך זיך מיט אים באַקאַנט. הײַנט וועט ער געוויס קומען. (לייגט צו זײַן האַנט). הערסט, ווי עס קלאַפּט בײַ מיר דאָס האַרץ? ווי רעכנ־סטו, ער וועט קומען?

**אַלבערט.** איך רעכן, אַז, אויב איך וועל מיט דיר פֿלוי־
דערן נאָך אַ ווײַלע, וועל איך געוויס שטאַרבן פֿון הונגער. אוי,
איך פֿיל שוין, ווי דער טויט טאַנצט אום בײַ מיר אין בויך.
איך בין אַוועק. (אַלבערט אָפּ).

**אַגנעסע** (טוט אויס דאָס טיכל פֿון קאָפּ, טרעפֿט אָפּ די פֿרענדזן).
קומען, ניט קומען, קומען, ניט קומען, קומען, ניט קומען. ניין,
איך האָב ניט ריכטיק געציילט: ניט קומען, קומען, ניט קומען,
קומען, ניט קומען, קומען... איצט איז ריכטיק, אָבער ווו קאָן
ער זײַן? שוין צוויי אָוונטן, אַז איך וואַרט אויף אים.

**פּעטער שעפֿער** (פֿון דער אַנדערער זײַט בויד). אוּ! אוּ, טר־
טר־טו, אוּ.

**אַגנעסע.** זײַן שטים!... זײַן שטים... אוּ, פּעטער, ווו ביס־
טו? האָב ניט מוירע, קום אַרויס. די מאַמע און דער טאַטע זיצן
אין בויד און ווייִנען אויף די צאָרעס. נו, קום אַרויס.

**פּעטער.** אוּ, אוּ.

**אַגנעסע.** איך האָב אויף אים צוויי אָוונטן געוואַרט, און ער
רייצט זיך נאָך. באַלד וועט ער אַרויסגיין. (נעמט אַ שטעקן). וועך
קען עס זײַן? אַוואַדע אַ בער פֿון וואַלד אַנטלאָפֿן, אָדער אַ
בייזער וואָלף? ווו איז מײַן שטעקן? נו, היט דײַן פֿעלעכל. אָט
וועל איך דיך מעכאַבעד זײַן... (זי שלאָגט לײַכט מיטן שטעקן).

**פּעטער** (קריכט אַרויס). אַ דאַנק פֿאַר אַזאַ קיבעד. איך בין
זאַט.

**אַגנעסע** (וואַרפֿט אַוועק דעם שטעקן, טאַנצט פֿאַר פֿרייד). פּעטער!
פּעטער, דו ביסט געקומען, אוי, ווי גוט! שוין צוויי אָוונטן, ווי
איך האָב אויף דיר געוואַרט. ווו ביסטו געווען?

**פּעטער** (אָנגעבלאָזן). איך בין שטאַרק פֿאַרנומען.

**אַגנעסע.** מיט וואָס ביסטו פֿאַרנומען? אַנו, דערצייל.

**פּעטער.** אַ סאָד. און ווײַבער האָבן לאַנגע צינגער.

**אַגנעסע.** ניט ריכטיק, נאַ, זע. דער טאַטע זאָגט, אַז בײַ
מיר איז דער צונג אויף אַ פּיצ־פּיצעלע קירצער, ווי עס באַדאַרף



צו זײַן, דערפֿאַר רייד איך אַזוי גיך, ווײַל דער צונג קאָן די ווער־
טער ניט אָנכאַפּן און פֿאַרהאַלטן אין מויל. נו, דערצייל.

**פּעטער.** קיינער טאָר ניט וויסן. איך אַרבעט בײַ יאָהאַן
גוטענבערגן. מיר האָבן אויסגעטראַכט, ווי צו דרוקן ביכער.
פֿאַרשטייסט, הײַנט בײַנאַכט וועלן מיר פֿון די פֿורעמס באַקומען
בלײַענע בוכשטאַבן. דו פֿאַרשטייסט, יעדער בוכשטאַב באַזונדער.
פֿאַרשטייסט, אויב די פֿאַרב וועט צושטיין צום פּאַפּיר, דאַן פֿאַר־
דינען מיר פֿולע קעשענעס מיט געלט. פֿאַרשטייסט, אַלע הער־
צאָגן, יעפּיסקאָפּן, געלערנטע, שרײַבער — אַלע, אַלע וועלן בײַ
אונדז דרוקן ביכער. דו פֿאַרשטייסט?

**אַגנעסע.** ניין, פּעטער, פֿאַרשטיין פֿאַרשטיי איך ניט, נאָר
אַז דו זאָגסט, גלייב איך דיר. דו ביסט עלטער און קליגער פֿון מיר.

**פּעטער.** זייער אַסאַך געלט וועלן מיר פֿאַרדינען, ווײַל די
בלײַענע בוכשטאַבן...

**אַגנעסע.** פּעטער, דו האָסט נאָך מיר געבענקט? זאָג יאָ!
ווײַל איך האָב נאָך דיר שטאַרק געבענקט. בײַנאַכט, די בויד
פֿאָרט פֿאַרבײַ אַ געדיכטן וואַלד, די ביימער רוישן, וועלף ווי־
ען, ערגעץ ווײַט, אויף אַ באַרג ברענען פֿײַערן אין אַ פֿאַרוואָר־
פֿענעם קלויסטער...

**פּעטער.** פֿאַרשטייסט, אין די קלויסטערס געדויערט אי־
בערשרײַבן איין בוך גאַנצענע יאָרן און ס׳קאָסט זייער טײַער.

**אַגנעסע.** זיץ איך אַזוי אויפֿן בויד און קוק אויפֿן הימל און
טראַכט, אָן יענער שטיק הימל געפֿינט זיך אויף דער שטאָט מײַנץ,
און שטעל זיך פֿאָר, אַז דו זיצסט אויך אויף אַ גאַנעקל, אָדער בײַ אַ
פֿענצטער, און קוקסט אויפֿן זעלבן שטערנדל, וואָס איך. און ווען
וועלן מיר שטענדיק זײַן אינאיינעם? איך וויל שטענדיק זײַן נעבן
דיר...

**פּעטער.** גאָר גיך, אַגנעסע. איך וועל פֿאַרדינען אַסאַך
געלט, קויפֿן אַן אייגענע שטוב, עפֿענען אַן אייגענע דרוקערײַ
מיט בלײַענע בוכשטאַבן. דו וועסט זײַן מײַן פֿרוי. אין אַ סאַ־

מעטן קלייד אפילע אינדערוואָכן גיין אָנגעטאָן. און מיר וועלן זײַן רײַך... וואָס ביסטו אומעטיק?

אגנעסע (ווי זי וואָלט זיך פון א כאָלעם אופגעכאפט). רײַך. א שטוב. סאמעטענע קליידער. דער בורגמייסטער טרײַבט אונדז פון שטאָט ארויס...

פעטער. פארוואָס? ווער טרײַבט אײַך ארויס?

אגנעסע. דער פאָטער האָט אויסגעטראכט א נײַע פאָרשטעלונג „דער אָנגעבלאָזענער אינדיק”, פאָדערט דער היגער בורגמייסטער יאָהאן פוסט, מיר זאָלן אין מאגיסטראט צושטעלן פינף קאָפּיעס אף גוטן פאפיר, אָדער דינעם לעדער, מיט א שיינער האנטשריפט. און ווו זאָלן מיר נעמען געלט, קעדיי אָפּצאָלן די איבערשרײַבער אין קלויסטער? זיי נעמען טײַער, און עס דארף לאנג געדויערן. ווארט, פעטער, און מיט די בוכשטאבן, וואָס דײַנ באלעבאָס יאָהאן האָט אויסגעטראכט, קאָן מען אָנשרײַבן דעם טאטנס מאָראליטע, א?

פעטער. א גאנצן אָוונט, ווי איך דערקלער איר, און זי פרעגט נאָך, אוואדע קאָן מען.

אגנעסע (פריילעך). וויאזוי, פעטער? דערצייל, דערצייל.

פעטער. זייער פראָסט. א שמיר מיט פארב איבער די בלײַענע בוכשטאבן, ארופגעלייגט א בלאט פאפיר, צוגעדריקט דעם פרעס. א ווײַלע געהאלטן, און אָט איז איינ בלעטל אָפּגעדרוקט, א צווייטס, א דריטס.

אגנעסע. אוי, גוט! אוי, גוט. קום, קום, די מאמע וויינט, דער טאטע איז פארזאָרגט. (שלעפּט אים אין בויד). קום, קום. (שרײַט, פארײַסט דעם פאָרהאנג). פאפא, מאמא, אָט איז פעטער, דו קאָנסט אים ניט, אָבער דאָס מאכט ניט אויס... ווייסט, פאפא, ער קאָן שרײַבן מיט בלײַענע אויסיעס, א שמיר מיט פארב, א דריק מיט א פרעס, און איינ בלעטל איז פארטיק, א צווייטס, א דריטס, א פערטס, א פינפטס. ריכטיק, פעטער? זאָג יאָ, ריכטיק.



האנס זיגפריד. וואָס א שמיר, וואָס א דריק? איך פארשטיי קיינ וואָרט ניט. און ווער איז דער מענטש?

אגנעסע. פעטער, פעטער. דו קאָנסט אים ניט? דאָס מאכט ניט אויס. קומט גלײַך צו זײַנ באלעבאָס, צו יאָהאן גוטענבערגן. ער וועט אלץ אָנשרײַבן. דרײַ קאָפּיעס, פינף קאָפּיעס, צען קאָפּיעס. ריכטיק, פעטער? זאָג יאָ, זאָג יאָ.

פעטער. געוויס, יאָהאן גוטענבערג וועט מיר ניט אָפּזאָגן. איך בינ זײַנ בעסטער טאלמיד, ער אכטעט מיך. און איך, פון מײַנ זײַט, וועל זײַנ צופרידן טאָן א געפעליקײַט די עלטערן פון מײַנ קאלע...

מארגאריטע. ווער איז אײַער קאלע? אָט די ציג?

פעטער (כאזערס איבער מעכאניש). יאָ, די ציג.

אגנעסע. ווער איז א ציג? איך, איך? (וויינט זיך פאנאנדער).

האנס. נו, שא, שא... אויב דו ביסט א ציג, בינ איך א באָק. און די מאמע דײַנע... נו, שא, שא... צי דו ביסט א ציג אָדער א קאלע, וועלן מיר א טראכט טאָן, נאָר אויב עס איז עמעס, אז איר קאָנט מיר העלפן איבערשרײַבן די אלעגאָריע מײַנע... דאנ קומט...

אגנעסע. טו זיך אָנ, מאמע, מיר וועלן אלע גיין.

פעטער. ניינ, ניינ, ניט איצט, קיינער אין שטאָט ווייסט נאָך ניט, אז יאָהאן גוטענבערג האָט אויסגעטראכט א מיטל, ווי צו דרוקן ביליק ביכער... דערווײַל איז עס א גרויסער סאָד. אין האלבער נאכט וועל איך נאָך אײַך קומען און אוועקפירן צו יאָהאן גוטענבערגן אין ווארשטאט... איצט מוז איך גיין. א גוטן אָוונט.

האנס זיגפריד. ווארטן מיר אף אײַך. ניט איבער א גרוס פון גאסנשפּילער האנס זיגפריד אײַער לערער יאָהאן גוטענבערגן.

פעטער. א גוטע נאכט, אגנעסע, איך קום באלד צוריק.

אגנעסע. א גוטע נאכט, פעטער... (פעטער אָפּ). מוטער, פאָ־

טער, וואָס האָט איר אראָפּגעלאָזט די נעז? מאָרגן וועט זײַן פינף קאָפּיעס פון דײַן „אָנגעבלאָזענעם אינדיק“. וואָס צו עסן איז ניטאָ, די פערד זײַנען הונגעריק, די בויד איז צעריסן,—איז נעמט זיך פאר די הענט און פארציט א ליד, אז דער בורגמייס־טער מיט זײַן סוויטע זאָל פון פארדראָס פּלאצן...

(זי פארציט א ליד און טאנצט).

---

## צווייטער אקט

### אן אומרויִקע נאכט

(באַם אראָפּגעלאָזענעם פאָרהאנג)

אָנהייב נאכט אין דער שטאָט מיַינץ. עס קלינגען גלעקער; זיי קלינגען אומרויִק אין עטלעכע ווינקלען. דער גלאָקן־געקלאנג ווערט שטילער, שטילער, עס וויַיזן זיך דריַי אלטיטשקעס.

ערשטע. מע זאָגט, אלע נאכט, ווען די גאנצע שטאָט שלאָפט, ברענען באַ יאָהאן גוטענבערגן פיַיערלעך.

צווייטע. ניט קיין פיַיערלעך, נאָר א גרויסער העלישער פלאַם רײַסט זיך פון זיַינע פענצטער, און אויב אין דער אומריי־נער שאָ גייט פארביַי א גאָטספאָרכטיקער קריסט, ווערט פון אים א קופּע אש.

דריטע. וועגן יאָהאן גוטענבערגן רעדט איר? מיט קישעף פארנעמט ער זיך, עס ברענט באַ אים אין אויוון אן אומריינער פיַיער, ער וויל פון פּאָשעטן קויל באקומען גאָלד.

ביידע. גאָלד.

ערשטע. פארברענען דארף מען אים.

צווייטע. פון שטאָט פארטריַיבן.

א משוגענער (לויפט דורך, סוידעסריק).

— היַינט באנאכט. האָקום, פּאָקום, הוק און האק.

— היַינט באנאכט וועט זיַין פריילעך אין מיַינץ.

— הוק, האק... (אָפּ).

ערשטע. מע דארף גיין אהיים. היַינט באנאכט. דער מע־שוגענער האָט קיינמאָל קיין טאָעס ניט. ער פילט. היַינט באנאכט. (פארשווינדט).

(בורגמייסטער פוסט. פּאַטער בערנארד. פּאַטער אווגוסטינ. שפּעטער דופּיק אונ לופּיק).

בערנארד. מע דארפ אים נעמענ אפּנ פארהער אונ איבערגעבנ צום געריכט. מיט קישעפ פארנעמט ער זיכ, מיט שווארצער מאגיע. זייַנ הויז אונ פארמעגנ דארפ איבערגיינ צום קלויסטער.

בורגמייסטער פוסט. אָדער צום מאגיסטראט.

אווגוסטינ. א האָזע פונ א ניט־גלויביקנ. מיט בלייַענע בוכשטאבנ וויל ער די הייליקע ביבל שרייַבנ. אָנ מענטשלעכע הענט.

פוסט. אונ אייַערע מאָנאכנ־איבערשרייַבער קאָנענ אָנ ארבעט בלייַבנ... איכ פארשטיי... א גרויסע גאָטלעסטערונג. הייַנט באנאכט וועלנ מיר מיט אים פארענדיקנ.

(דופּיק אונ לופּיק שארנ זיכ צו).

דופּיק. געזענ. אלצ געזענ. עס ברענט א העלישער פייַער אינ אויוונ, אונ ווייַסע שיידימ טאנצנ דאָרט ארום...

לופּיק. ניט ווייַסע, נאָר בלויע, בלויע, מיט לאנגע עקעלעכ.

דופּיק. מיט קורצע, קורצע אונ אָפּגעהאקטע.

בערנארד. קורצע, לאנגע. איר זאָגט בעסער, ווו איז גוטענבערג מיט זייַנע באהעלפער?

דופּיק. בא א מאָדנעמ טיש שטייט ער, אונ אסאכ בויגנס פּאפּיר אונ האָלצ אונ איינציקע שטיקלעכ בלייַ וואלגערנ זיכ אינ ווארשטאט.

אווגוסטינ. גלייַכ גיינ, אימ כאפּנ בא דער שווארצער ארבעט. (מאכט א באוועגונג).

פוסט. ניינ, ניינ, געדולד, הייליקע פּאָטערס. איצט איז צו פרי. אינ ראטהויז געפינענ זיכ די צעכמייַסטערס אונ באלמעלאָכעס. זיי קאָנענ זיכ דערוויסנ אונ אופהייבנ א טומל. זיי אכטנ שטארק יאָהאנ גוטענבערגנ אונ זייַנענ בייז אפ מיר, וואָס איכ



האָב דעמ גאסנשפּילער האנס זיגפרידנ פארבאָטנ זייַנ פרעכע שפּיל אינ מייַנצ פאָרשטעלנ. איצט גייט אהיימ, קיינעמ קיינ וואָרט ניט. אינ האלבער נאכט, ווענ די שטאָט־וועכטער וועלנ דאָס ערשטע מאָל מיטנ שטעקנ קלאפּנ, קומט אלע אהער. איצט גייט, אונ גאָט זאָל מאצליעכ זייַנ דעמ וועג. (זיי צעגייענ זיכ).

(דער עלטסטער פונ דער שטאָט־וואכ קומט).

עלטסטער. איכ בינ גרייט אויספירנ אייַער באפעל, הער בורגמייסטער.

בורגמייסטער. ניט־באמערקט, איינציקווייַז זאָלנ צענ וואכלייַט גיינ צומ הויז פונ יאָהאנ גוטענבערג, באהאלטנ זיכ אינ גאָרטנ אונ ווארטנ אפ מייַנ באפעל. קיינער אינ שטאָט דארפ ניט וויסנ. פארשטאנענ?

עלטסטער. אלצ וועט זייַנ געטאָנ, ווי איר באפעלט. (ביידע אָפּ).

(עס עפנט זיכ דער פאָרהאנג. א שמאָלע, לאנגע געבייַדע. טישנ. אפ די טישנ הילצערנע אויסגעגראווירטע ברעטלעכ. איינציקע בוכשטאבנ, הילצערנע אונ בלייַענע. בויגנס פּאפּיר. פארשיידענע מאכשירימ. שיסעלעכ פארב. געלע, גראָבע ליכט ברענענ אינ בלעכענע נירעריקע האלטערס. אינ דער טיפ טליעט א גרויסער אויוונ, קאָנטיק, אז אינ אימ האָט גוטענבערג אָפּגעגאָסנ די בלייַענע בוכשטאבנ. אינ ווארשטאט געפינענ זיכ, אכוצ גוטענבערגנ, זייַנע דרייַ באהעלפערס: גיינצ פאָגעל, סימאָנ אונ יאקאָב גערדער. פּעטער איז נאָכ ניטאָ. אפ איינעמ פונ די טישנ שטייט א ליימענער בוטל ווייַנ, עטלעכע ליימענע קריגלעכ, פּראָסטער צובייַסנ).

יאָהאנ גוטענבערג. גיסט אָנ, גיסט אָנ די קריגעלעכ פול, אגב זאָל דער שטארקער ווייַנ שוימענ ביזנ ראנד, אָבער ניט פארשיקערנ אונדז די קעפּ. ברענגט אהער פונ פאָדערצימער די אָפּגעקילטע בלייַענע בוכשטאבנ. גרייט אָנ פּאפּיר. (זיי טוענ עס).

איצט, פרייַנט מייַנע, הייבט אופ העכער די קריגלעכ ווייַנ, זאָל זייַנ יאָנטעוו. אהער די בלייַענע ליטערעס! הייַנט פּרווונ מיר

זיי אויס. און אויב אלץ וועט זײַן, ווי איך האָב פאַרטראַכט, דאַן וועט הײַנטיקע נאַכט זײַן די גליקלעכסטע אין מײַן לעבן. מיר טרעטן צו!

גײנץ פאָגעל. לערער, וואָס דאַרף מען איצט טאָן?

יאָהאַן גוטענבערג. לייגט אויס בוכשטאַב צו בוכשטאַב, אָט אַזוי, איצט באַדעקט די בוכשטאַבן מיט פאַרב (זיי טוען עס), קלײַבט אויס אַ גלאַטן בויגן פאַפּיר (זיי טוען עס), לייגט אַרויף דאָס פאַפּיר אויפן שריפט (זיי טוען עס). איצט לאָזט אַראָפּ דעם פרעס און האַלט אים עטלעכע רגעס. (די באַהעלפערס טוען אַזוי, ווי גוטענבערג הייסט. גוטענבערג טרעט אָפּ פון דרוק־וואַרשטאַט. צו זיך אַליין).

רויִק, יאָהאַן גוטענבערג, רויִק, געדולד! וואַרט! איך וועל אַליין... ניין, זעצט פאָר אָן מיר. דאָס האַרץ איז הײַנט מעשוגע, און די הענט ווילן ניט פאָלגן...

יאַקאָב גערדער. לערער, זײַט מיר מויכל. אין שטאָט רעדט מען, אַז מיר פאַרנעמען זיך מיט קישעף. דער קלויסטער, די ביבל־איבערשרײַבער, די ראַטמענער זײַנען אויפגעבראַכט. זײַט מיר מויכל, נאָר מיר זאָגט דאָס האַרץ, אַז הײַנט בײַנאַכט וועט טרעפן אַן אומגליק.

גוטענבערג (שטרענג). וואָס ווילסטו?

יאַקאָב. לערער, זײַט מיר מויכל. מע דאַרף פאַרריגלען טיר און פענצטער. אויסלעשן דאָס פײַער און איבעררײַסן די אַרבעט, נאָר אַף הײַנטיקער נאַכט.

גוטענבערג. אים מער קיין ווײַן ניט געבן! ניט צולאָזן נאָענט צום שריפט. אַ פּאַכדן איז יאַקאָב גערדער.

יאַקאָב. זײַט מויכל, לערער, קלאַנגען...

גוטענבערג. די טירן פון וואַרשטאַט זײַנען אָפן. קאָנסט גײן! און איר — פאָרזעצן די אַרבעט.

יאַקאָב. ניין, איך בלײַב מיט אײַך, אָבער מע דאַרף זײַן פאָרזיכטיק. עס גייען אום קלאַנגען...



גוטענבערג. אַף דעם זײַנען זיי קלאַנגען — זיי זאָלן אומגײן. פאַרגעדענק: מענטשן, וואָס שרעקן זיך, טראַכטן אַף דער וועלט גאָרנישט ניט אויס... אַכוץ פּאַכדאָנעס... דו קאָנסט גײן.

(יאַקאָב שאַרט זיך אַרויס. גוטענבערג בלײַבט שטײן).

גוטענבערג. סימאָן, פאַרשפאַר די טיר. (סימאָן פאַרשפאַרט די טיר).

גײנץ. לערער, אָפּגעדרוקט.

גוטענבערג (גייט צו מיט גיכע טריט צום וואַרשטאַט, נעמט דעם בויגן פאַפּיר. אַלע קוקן שווײַגנדיק).

אַ צווייטן בויגן פאַפּיר. פאַרבײַט דעם „צ״, דעם „ר״, דעם „ל״. דינער, שפּאָרעוודיקער שמירט די פאַרב. (זיי טוען עס).

(גוטענבערג לייגט אַרויף אַ נײַעם בויגן פאַפּיר, לאָזט אַראָפּ דעם פרעס, האַלט אַ ווײַלע, הייבט צוריק אויף דעם פרעס, נעמט אַראָפּ דעם בויגן פאַפּיר, ווישט אָפּ דעם שווייס פון שטערן, לאַכט זיך פּאַנאַנדער, גליקלעך, ווי אַ קינד, טאַנצט פאַר פרייד מיטן אָפּגעדרוקטן בויגן פאַפּיר אין האַנט).

קינדער, גיסט אָן! גיסט אָן, פרײַנט, כּאַווײרים מײַנע טײַערע. אַהאַ, ס׳איז דאָ! ס׳איז פאַראַן! זיי שײַנען, מײַנע בלײַענע אויסיעס... ליגן פעסט אַרײַנגעקריצט אין פאַפּיר... ניט אָפּמעקן, ניט אויסרײַסן. טרינקט, קינדער, אויס פאַר אונדזער זיג!

(אַ קלאַפּ אין טיר).

פאַרדעקט דעם וואַרשטאַט. (גייט צו דער טיר). ווער איז דאָרט?

שטים. איך, פעטער. עפנט, לערער.

(גוטענבערג עפנט די טיר. עס קומען אַרײַן פעטער, האַנס זיגפריד, אַגנעסע, מאַרגאַריטע און אַלבערט. אַגנעסע לאָזט ניט פרעגן. הייבט אָן ריידן אַפן שוועל).

**אגנעסע.** איר זײַט יאָהאנ גוטענבערג, נאט אײַך א האנט. גוטנ אָוונט. אונ דאָס איז מײַנ טאטע האנס זיגפריד, אונ דאָס איז זײַנ ווײַב אונ מײַנ מאמע, וואָס האָט ליב פונ אינדערפרי ביז באנאכט שרײַענ אפנ טאטנ, אונ דאָס איז מײַנ ברודער, וואָס קאָנ אופעסנ מיט איינ מאָל דרײַ גענדז, פיר הינער אונ פארבײַסנ מיט א כאזערל... זעצט פאָר אײַער ארבעט. מיר וועלנ אײַך ניט שטערנ. פעטער האָט אונדז ניט געוואָלט פירנ אהער. ער זאָגט, אז ס׳איז פארבאָטנ צו אײַך קומענ...

**האנס זיגפריד.** רייד, רייד ווײַטער, אגנעסע... איר פארשטייט, מײַסטער גוטענבערג, דער בורגמייסטער האָט הײַנט איבערגעריסנ די שפיל אפנ מארק, זײַנענ בא איר אפנ צונג געבליבנ זייער אסאך ניט אויסגערעדטע ווערטער... רייד, רייד, טאָכטער מײַנע, עפשער איז דיר טרוקנ אינ מויל, איז נא אביסל ווײַנ אונ שווענק אויס דאָס העלדזעלע... אונ דאָס איז מײַנ געטרײַע ווײַב, וואָס גייט מיר אומעטום נאָכ, סײַ באטאָג, סײַ באנאכט. ניט געקוקט, וואָס בא מיר זײַנענ שוינ גרוי די האָר, האָט זי אלצ מוירע, אז א ווײַסע ציג וועט מיכ אפ די הערנער אוועקטראָגנ. אונ דאָס זײַנענ מײַנע קינדער, וואָס האָבנ א שלעכטע טעווע — אלע טאָג בעטנ עסנ.

**אלבערט.** ליבער גוטענבערג, איר הערט ניט, וואָס דער טאטע טראכט אויס אפ אונדז. מיר האָבנ זיכ שוינ לאנג אָפגעוווינט פונ עסנ... מיר ווערנ זאט פונ זײַנע כאָכמעס...

**יאָהאנ גוטענבערג.** פעטער, ווו האָסטו באגעגנט אָט די פריילעכע לוסטיקע מענטשנ?.. איר געפעלט מיר, פרײַנט. גיט אײַערע הענט אונ לאָמיר זײַנ באקאנט... סימאָנ, גיינצ, פעטער, דערלאנגט זיי בענקלעכ. זיצט, פרײַנט, בא מײַנ ארבעט־טיש. טרינקט! עסט אונ דערציילט, וואָס האָט אײַכ געבראכט אהער. איכ בינ גרייט אײַכ העלפנ...

**מארגאריטע זיגפריד** (שרײַט אפנ טאטנ). האָלדער, באָלדער! איכ האָב געוווסט, אז אזוי וועט זײַנ. גיי אוועק! גיי אוועק



פונ מײַנע אויגנ, ליידיקגייער. לעצעווענ, פלוידערנ אינ אזא צײַט! הער גוטענבערג, מיר זײַנענ דענ געקומענ צו אײַכ ווײַנ טרינקענ, אָדער אָוונטברויט עסנ... אונדז האָט דאָכ געטראָפנ אנ אומגליק. דער בורגמייסטער...

**אלבערט.** מאמע, האָב ראכמאָנעס אפ מײַנ מאָגנ... לאָז וואָס נעמענ אינ מויל ארײַנ... עס ציט בא דער נעשאָמע... מײַסטער גוטענבערג, זײַט מיר מויכל. נאָר בא מיר איז שוינ אזא נאטור: גלײַכ, ווי דער מאָגנ ווערט בא מיר פול, הייבט אָנ דער קאָפ ארבעטנ, ווי א מיל. געדאנקענ קומענ צו פליִענ סטאדעס־ווײַז. אונ אלע אזוינע דורכזיכטיקע, לופטיקע... ראָזינקע, ווי יונגע כאזיירימלעכ... פאר אײַער געזונט...

**מארגאריטע.** אָט א ליידיקגייער, אָט א באלהאָזעניק! פירט זיכ, ווי בא זיכ אינ שטוב...

**גיינצ פאָגעל.** פרוי זיגפריד, אײַער זונ איז פאָרט גערעכט. עסט, וועט אײַכ דער קאס אריבער; מיר האָבנ ניט דערווארט, אז דער בעסטער קאָמעדיאנט וועט הײַנט זײַנ אונדזער גאסט.

**האנס זיגפריד.** וואָס האָט דער יונג געזאָגט? אנו, כאזער איבער.

**גיינצ פאָגעל.** איכ האָב געזאָגט „דער בעסטער קאָמעדיאנט"...

**האנס זיגפריד.** דו האָסט מײַנ שפיל געהערט? געזענ?

**גיינצ.** געזענ אונ געהערט. יענצ מאָל, ווענ איר זײַט אינ מײַנצ געווענ, בינ איכ אלע טאָג אפ אײַערע פאָרשטעלונגענ געגאנגענ. איכ געדענק גוט, ווי איר האָט אונדזער בורגמייסטער — דעמ גאנעוו פוסט, דעמ יעפיסקאָפ אונ די פריצימ דעמ עמעס געזאָגט...

**סימאָנ.** אונ איכ געדענק אײַערע לידער. איכ האָב זיי פארשריבנ. אויב דער לערער וועט דערלויבנ, וועל איכ זיי מיט די בלײַענע בוכשטאבנ אָפדרוקנ אונ פארשפרייטנ צווישנ מײַנע באקאנטע געזעלנ.

ז י ג פ ר י ד. אגנעסע, אלבערט, מארגאריטע, אין דער שטוב קאָן מען און מע אכטעט דעם גאסנשפּילער האנס זיגפריד. איך בין גערירט, ערלעכע פרײַנט. פאר אײַער געזונט, מײַסטער גוטענבערג. פארן געזונט פון אײַערע בראווע שילער. אנטשולדיקט, וואָס מיר האָבן זיך ארײַנגעריסן אין שפּעטער נאכט און שטערן אײַער ארבעט...

ג ו ט ע נ ב ע ר ג. ניין־ניין, בעט ניט קיין פארצײַונג. גוט, וואָס איר זײַט הײַנט צו מיר געקומען. א הארץ פון איין מענטשן, ווי ברייט עס זאָל ניט זײַן, — איז דאָך צו ענג, קעדיי אזא גרויסע פרייד אויסהאלטן. יאָנטעוו איז הײַנט בא מיר!.. מיט אכט יאָר צוריק, פונקט אין אזא הארבסטיקן אָוונט, האָב איך זיך פארטראכט, ווי גיך און ביליק דרוקן ביכער. אָן געלט, אָן פרײַנט, אָן הילף... פינף יאָר האָב איך געפּאטערט, קעדיי אויספּרוּוון דעם האָלץ. אָט, איר זעט די האָלענדישע ברעטלעך... איך האָב זיי שפּעטער אפּ אייניציקע בוכשטאבן צעטיילט. אָבער דער האָלץ קריזלט זיך אונטערן שארף פון מעסער, זאפּט איין זייער פיל פארב, ברעכט זיך אָפּט. ניין! עס טויג ניט! (שלײַדערט אוועק די האָלענדישע ברעטלעך). אהער די בלײַענע אויסיִעס! איר זעט? און אָט איז דער ערשטער בויגן. נאָרוואָס איז ער געבאָרן. אהא, ניט אומזיסט זײַנען געווען די שלאָפלאָזע נעכט און הונגעריקע טעג. לייגט אויס די בוכשטאבן אפּדאָסנײַ, און מיר וועלן זיי נאָכאמאָל אויספּרוּוון... ניין, בעסער צעווארפט זיי. קוקט, מיט די זעלבע צאָל בוכשטאבן וועל איך פינף, צען געדאנקען, גאנצע ביכער אָפּדרוקן...

א ג נ ע ס ע. אָט א קונצ!

ג ו ט ע נ ב ע ר ג. האנס, פריילעכער זינגער, זאָג, פארשטייסט, וואָס איך האָב אויסגעטראכט, רייד, האנס, רייד!!! איך וועל שווײַגן, און דו רייד... איך וויל, אז א צווייטער זאָל מיר אליין דערציילן, וואָס איך האָב אויסגעטראכט.

ה א נ ס. ניט דאָ, ניט דאָ, אפּ טומלדיקע מערק, אין האנדל־



שטעט, אין פריצישע שלעסער, אין שטילע קלויסטערס — אומעטום וועל איך די יעדיִע צעטראָגן... פארשטייסט, פרײַנט, בא מיר אין קאָפּ ווערן געבאָרן זייער פיל אלעגאָריעס, פאבולעס, ווערטלעך וויציקע און לידער פריילעכע... ווערן געבאָרן און וועלן מיט מיר איניינעם שטארבן... און איך בין דאָך ניט איינער...

ג ו ט ע נ ב ע ר ג. איך ווייס, איך ווייס. אומעטום ווארט מען אפּ מײַן אויסטראכט... אָבער גענוג וועגן דעם, איצט וויל איך וויסן — וואָס איז דײַן פארלאנג? נאָך וואָס ביסטו צו מיר געקומען?

מ א ר ג א ר י ט ע. בעט אים אָנשרײַבן אין פינף קאָפּיעס.

פ ע ט ע ר. זאָגט אים וועגן אונדז.

א ג נ ע ס ע. טאטע, זאָג אים, זאָג אים.

ה א נ ס. וואָס מיך האָט געבראכט צו דיר, וועל איך שפּעטער זאָגן. איצט ווילן די קינדער דיר דערציילן וועגן זייער גליק... פּעטער, שעם זיך ניט, דערצייל דײַן לערער, אז דו האָסט ליב מײַן טאָכטער, נו, שעם זיך ניט. גיט זיך די הענט, און זאָל דער ערלעכער מײַסטער זײַן אן איידעס, אז הײַנט איז די טאָכטער פון קאָמעדיאנט אגנעסע זיגפריד געוואָרן א קאלע פון זײַן שילער פעטער שלאָסער.

א ג נ ע ס ע. שעם זיך ניט, פעטער, זאָג יאָ.

פ ע ט ע ר. יאָ, לערער, איך האָב די גאנצע צײַט געווארט, דער הער זיגפריד זאָל ווידער קומען צו אונדז אין שטאָט. איר דארפט מיר מויכל זײַן, וואָס איך....

ג ו ט ע נ ב ע ר ג. גענוג! עמעסע ליבע האָט ניט ליב קיין סאך רייד. גיב איר דײַן האנט, און איך וועל אן איידעס זײַן...

מ א ר ג א ר י ט ע. מיר דאנקען אײַך, געאכטער גוטענבערג, אָבער מיר זײַנען דען צו אײַך געקומען...

א ג נ ע ס ע. שווײַג, מאמע.

א ל ב ע ר ט. מײַן געטלעכע נעשאָמע פילט, אויב הײַנט וועט נאָך זײַן די טנאָים, וועט מען קאָנען ניט שלעכט אָפּעסן.

אגנעסע. אײן וואָרט נאָר, טײַערער לערער: אײדער איך גיב אָפּ מײַן האַנט און האַרץ אײַער שילער פּעטער, וויל איך בײַ אײַך און אים בעטן אַ מאַטאָנע.

גוטענבערג. בעט!

אגנעסע. אָרעם זײַנען מיר. אָט דאָס, וואָס איר זעט אױף אונדז, איז דאָס גאַנצע פאַרמעגן... מיר האָבן גאָרנישט: ניט קײן הײַזער, ניט קײן פֿי און ניט קײן ערד. אָבער מײנט ניט, אַז מיר זײַנען געקומען ראַכמאָנעס בעטן. נײן. טראַכט ניט אַזױ וועגן אונדז. בײַ מײַן טאַטן אין קאָפּ ווערן געבױרן לידער, מעשאָלים, פאַבולעס, אַלעגאָריעס. מיר פאַרגעדענקען זײ אױף אױסנווײניק, אָדער מיט אַ שאַרפן מעסער פאַרשרײַבט ער זײ אױף גראָבער קאָרע, וואָס מיר קלײַבן אָן אין וואַלד. (זי נעמט אַרױס פון קערבל גרױסע שטיקער פאַרשריבענע קאָרע. גוטענבערג קוקט אַ ווײַלע מיט נײַגער. באַדעקט די שטיק קאָרע מיט פאַרב, לײגט אַרױף אַ שטיק פּאַפּיר).

גוטענבערג. ווײַטער דערצײל.

אגנעסע. מיר שלעפן זיך אַרום מיט אונדזער בױד פון שטאָט צו שטאָט, פון מאַרק צו מאַרק, און ווו עס קלײַבט זיך צונױף דאָס פאָלק, דאָרט שפּילן מיר און זינגען, כּװיזעקן און לעצעווען. עס האָט אונדז ליב דאָס פאָלק, באַגעגנט אונדז מיט פרײד־געשרײ. אָבער אונדז האָבן פײַנט די רײַכע פּריצים, די פאַלשע יעפּיסקאָפּן...

גוטענבערג. האַנס זיגפריד, איך בין דיר מעקאַנע: האָבן אַזאַ טאָכטער — הײסט זײַן דער רײַכסטער אין דער וועלט. מיר האָבן ווײניק צײַט. עס וואַרט אױף אונדז נאָך אַרבעט פיל. זאָג קירצער, ליבע אגנעסע, אין וואָס באַשטײט דײַן ביטע?

מאַרגאַריטע. פּונקט, ווי דער טאַטע אירער... הײבט אָן רײדן, קאָן מען אײַנשלאָפן, אױפשטײן און נאָכאַמאָל אײַנשלאָפן, און זי האַלט נאָך אַלץ בײַם אָנהײב. וואָס איז דאָ לאַנג צו ברײַען? דער היגער בורגמײסטער, הונגעריקע וועלף זאָלן זײַן לײַב צע־



רײַסן, האָט פאַרבאָטן אונדז פאָרשטעלן די נײַע שטיק, וואָס מײַן מאַן האָט פאַרפאַסט...

זיגפריד. אָט, דאָס הײסט רײדן קורץ... האָב ראַכמאָנעס אױף מיר און אױף זײ, שווײַג.

גוטענבערג. אַנטשולדיקט מיר, פרוי זיגפריד, איך וואָלט וועלן, אַז די טאָכטער אײַערע זאָל ענדיקן...

מאַרגאַריטע. מיר איז אַלצײנס, ווער ס'זאָל רײדן, אָבער קורץ. יענע וואָך גײ איך מיט זײ אָפּן...

אַלבערט. מאַמע, מאַמע, דו האָסט דאָך געבעטן אַ טרונק וואַסער. אָן שטײט אַן עמער קאַלט וואַסער. (פירט זי אַוועק).

גוטענבערג. נו, זאָג, אין וואָס באַשטײט דײַן ביטע?

אגנעסע. דער היגער בורגמײסטער פּוסט פּאָדערט, אַז מיר זאָלן צושטעלן פינף קאָפּיעס פון דער שפּיל, געשריבן אױף גוט פּאַפּיר, אָדער פּערגאַמענט, אַניט וועט מען אונדז פאַרטרײַבן פון שטאָט. אין טאָג פון מײַנע טנאָים מיט אײַער שילער, בעט איך, איר זאָלט מיט אײַערע בלײַענע, באַוועגלעכע בוכשטאַבן אָפּדרוקן דעם „אָנגעבלאָזענעם אינדיק", — אַזױ רופט זיך די שטיק.

גוטענבערג. זי איז ווו פאַרשריבן?

זיגפריד. דערווײַל בײַ מיר אין קאָפּ, אין האַרץ און אױף די שאַרפע צינגער פון מײַן ווײַב און קינדער.

גוטענבערג. איר געדענקט אַלץ אױף אױסנווײניק?

אגנעסע. יאָ, מיר געדענקען.

גוטענבערג. דאַן בלײַבט איר נעכטיקן בײַ מיר. אַ גאַנצע נאַכט וועל איך און די שילער מײַנע מיט בלײַענע באַוועגלעכע אותיות אײַער שפּיל דרוקן, און זאָל דאָס פּאָשעטע פאָלק דער־נאָך לײענען, שפּילן, זינגען און צו גוטן דערמאָנען פאַרן פרײַ־לעכן עמעס, וואָס דו האָסט אױסגעטראַכט, און איך האָב אָפּגע־דרוקט.

פעטער, גיב אגנעסענ דײַנ האנט.
אונ איר, — די קריגלעכ מאכט פול.
אונ פארציט שטיל, נאָר פאר אונדז א ליד
א מונטערע. צװיי סימכעס אינ איינ נאכט!

(אינ דער שטיל זינגענ אלע א ליד. מע קלאפט אינ טיר).

גוטענבערג. װער איז?

פוסט. איינ נאָמענ פונ געזעצ, עפנט.

פעטער. אנ אומגליק. מע דארפ זיכ באהאלטנ.

גוטענבערג. קיינער באהאלט זיכ ניט. װי שטאָלצע באל־מעלאָכעס װעלנ מיר זיי באגעגענענ!

פוסט. פארנ האלטנ דעמ בורגמייסטער הינטער דער טיר װעסטו ענטפערנ פארנ געריכט. עפנ, אָדער איכ באפעל די טיר אויסזועצנ.

(עס קומענ ארײַנ פוסט, בערנארד, אװגוסטינ, דופיק, לופיק אונ דער עלטסטער פונ דער שטאָט־װאכ).

זיגפריד. אנטשולדיקט אונדז, געערטער בורגמייסטער, מיר האָבנ אײַער שטימ ניט דערקענט. אזוי שפעט אינ דער נאכט קלאפנ אינ פרעמדע טירנ בלויז גאנאָװימ אונ רויבער... אנטשול־דיקט אונדז, געערטער בורגמייסטער, מיר האָבנ אײַער שטימ ניט דערקענט.

בורגמייסטער. ניט מיט דיר, לעצ, בינ איכ געקומענ ריידנ. װער איז דאָ יאָהאנ גוטענבערג?

גוטענבערג. שוינ פינפ יאָר, װי איכ האָב די ערע לעבנ אינ דער שטאָט מײַנצ. צי דענ װייסט איר ניט, װער איז יאָהאנ גוטענבערג?

בורגמייסטער פוסט. ביז איצט האָב איכ געװוּסט, אז יאָהאנ גוטענבערג איז אנ ערלעכער גראװירער אונ א שפיגל־שלײַפער.

גוטענבערג. אזא איז ער פארבליבנ.

בורגמייסטער. דו זאָגסט א ליגנ. אינ מאגיסטראט איז



אָנגעקומענ א פאפיר, אונטערגעשריבנ פונ פינפ כאָשעװע בירגער. זיי שרײַבנ, אז דו פארנעמסט זיכ מיט שװארצער מאגיע, אלכימיע אונ קישעפ. ענטפער! װאָס טוסטו באנאכט, בא פארשפארטע טירנ אונ לאָדנ? פארװאָס ברענט בא דיר פײַער, װענ אלע ער־לעכע בירגער אינ מײַנצ שלאָפנ? אונ װאָס טוט בא דיר אינ שטוב דער לעצ זיגפריד מיט זײַנ פאמיליע?

גוטענבערג. אויב זוכנ א מיטל, װי ביליקער צו דרוקנ ביכער, איז שװארצע מאגיע — דאנ בינ איכ א מאג. אויב זוכנ דורכ טאָג אונ נאכט א מיטל, קעדיי באפרײַענ די מאָנאכנ פונ איבערשרײַבנ מיטנ האנט די הייליקע ביכער, איז אלכימיע — דאנ בינ איכ אנ אלכימיקער. אויב מײַנ פארלאנג, אז יעדער בירגער פונ מײַנצ, פונ סטראסבורג, פונ קעלנ אונ פונ דער גאָרער װעלט זאָלנ קאָנענ ביליק די הייליקע ביכער קויפנ, הייסט קישעפ — דאנ בינ איכ אונ די שילער מײַנע קישעפמאכער.

בערנארד. יאָהאנ גוטענבערג, דער קלויסטער האָט ניט ליב צו שפאסנ מיט ניט־גלויביקע. פונ קאדמויניִמ אָנ װערנ די היי־ליקע ביכער איבערגעשריבנ מיט די הענט פונ פרומע מאָנאכנ, אונ דו װילסט די לעבעדיקע הענט פארבײַטנ מיט א טײַװלשער מאשינ. ענטפער, ס'איז אנ עמעס?

בורגמייסטער. ענטפער, ס'איז אנ עמעס?

גוטענבערג. אנ עמעס. אָט שטייט ער, דער װארשטאט מײַנער. פונ גוטנ האָלצ איז ער געמאכט, אונ ניט קיינ טײַװל, װי דער הייליקער פאָטער בערנארד זאָגט, האָט אימ באשאפנ, נאָר איכ אליינ, מיט אָט די הענט.

פאָטער אװגוסטינ. מע דארפ גלײַכ דעמ טײַװלשנ װאר־שטאט צעברעכנ, פארניכטנ, ס'זאָל פונ אימ קיינ זייכער ניט בלײַבנ.

דופיק. פאָטער בערנארד, אָנ ליגנ די טײַװלשע בלײַענע אויסיִעס, װעלכע ער האָט אינ אומריינעמ פלאמ באשאפנ.

לופיק. דורכ קישעפ.

ד ו פ י ק. אָן טלײַעט נאָך דאָס פײַער אין אויוון. גיט מיר אַן עמער וואסער, איך וועל דעם טײַוולשן פײַער לעשן.

ל ו פ י ק. איך הער די שטים פונעם פארפײַניקטן יעזוסן. ער באפעלט מיר אלץ, וואָס געפינט זיך דאָ אין געבײַדע, פארניכטן.

ב ע ר נ א ר ד. גאָטס פארלאנג דארף ווערן גלײַך אויסגע־פירט: פארניכטן און צעשטערן אלץ, וואָס ס'געפינט זיך דאָ.

ב ו ר ג מ י י ס ט ע ר. איך דערלויב אויספילן גאָטס געבאָט.

(ווי א שווארצע וואנט, רוקן זיך אָן די פיר מאָנאכן, דער בורג־מייסטער און וואך־עלטסטער אלץ נענטער צום ווארשטאט. אלע טרעטן אָפ דערשראָקן).

ג ו ט ע נ ב ע ר ג. שטייט אָפ אַן אָרט! קיין טראָט ניט ווײַ־טער! איר זאָגט א ליגן. ניט גאָט באפעלט אײַך צעשטערן מײַנע באוועגלעכע בוכשטאבן, מײַן ווארשטאט, נאָר די שרעק, אַז מײַנע ביכער וועלן קאָסטן ביליק, און יעדער בירגער וועט זיי קאָנען קויפן און אויך וויסן, וואָס דאָרט איז אָנגעשריבן. איך שפאס ניט מער. (בײַט דעם טאָן).

גיטאָ קיין קישעפ אין מײַן ארבעט. ניטאָ!... זיצט, בורגמייס־טער, און איר, כאָשעווע בירגער, און איך וועל אײַך דער־קלערן, ווי טראָט נאָך טראָט בין איך דערגאנגען צו מײַן ציל.

ב ו ר ג מ י י ס ט ע ר פ ו ס ט. אומזיסט די רייד. ניט דערוויסן זיך, ווי דו האָסט דעם טײַוולשן ווארשטאט אויסגעטראכט, זײַ־נען מיר אין דער שפעטער נאכט אהער געקומען, נאָר צעשטערן אים, און דיך פון שטאָט ארויסשיקן. דאנק גאָט פארן מילדן באַ־שלוס.

ד ו פ י ק (ציילעמט זיך). גאָט רעדט דורכן בורגמייסטערס ליפן... אומריינ איז די לופט דאָ.

ל ו פ י ק (כאפט אַן עמער וואסער). לאָזט מיך לעשן דעם טײַוולשן פלאם...

ס י מ אָ נ (כאפט א פלאָקן, צו לופיקן). אנו, שטעל אוועק דעם עמער וואסער, שטעל אוועק, מויז...



פ ע ט ע ר (פאלט אָפ די קני פארן בורגמייסטער). איך בעט אײַך, הער בורגמייסטער, און אײַך, הייליקע, טוט עס ניט, אסאך מי איז אין די באוועגלעכע בוכשטאבן פארטאָן. מיר וועלן פארן מאגיסטראט אומזיסט די באפעלן און רעגיסטערס דרוקן... און פארן קלויסטער וועלן מיר די הייליקע ביכער ביליק דרוקן... מע דארף ניט צעשטערן אונדזער ארבעט. מיט פרומע קאוואָנעס און גוטן ווילן זײַנען מיר אין מײַנצ געקומען.

ס י מ אָ נ. שטיי אוף. עס וועלן באַ דיר די קני אָנהייבן וויי טאָן.

פ ע ט ע ר. ניין, איך וועל ניט אופשטיין פון די קני, ביז דער בורגמייסטער וועט זײַן גנאָד אָפ אונדז...

א ג נ ע ס ע. פעטער, שטיי אוף, ניט שיין.

פ ע ט ע ר (שטייט אוף). שווײַג, שווײַג, אגנעסע, דו מאכסט זיך און מיך אומגליקלעך.

ז י ג פ ר י ד. איין וואָרט נאָר, געאכטער בורגמייסטער: איר האָט מיר באפוילן צושטעלן פינף קאָפּיעס פון מײַן נײַער פאָר־שטעלונג. דער מײַסטער יאָהאן גוטענבערג איז מאסקים מײַן מאָ־ראליטע אָפדרוקן.

ב ו ר ג מ י י ס ט ע ר. ער וועט דײַן פרעכע שפיל ניט דרוקן. איך פארבאָט.

מ א ר ג א ר י ט ע. וואָס, דו פארבאָטסט? באטאָג באפוילן צו־שטעלן פינף קאָפּיעס, און איצט פארבאָטסטו אויספילן דײַנע אייגענע ווערטער. איך בין אַן עלטערע פרוי און האָב פאר דיר קיין מוירע ניט. איך וויל וויסן, ווען זאָגט דער בורגמייסטער פון שטאָט מײַנץ עמעס, באטאָג אָדער באנאכט?

ב ו ר ג מ י י ס ט ע ר. שווײַגן! איך פארבאָט דיר ריידן! גוטענ־בערג וועט די פרעכע שפיל ניט דרוקן. אזוי איז מײַן באַ־פעל.

ז י ג פ ר י ד. און איך באפעל, אַז דער צונג באַם כאָשעווון בורג־מייסטער זאָל רעדן נאָר עמעס, דער קאָפּ זאָל צוטראכטן נאָר

קלוגע געדאנקען, די הענט זאָלן טאָן נאָר גוטע זאכן, די קעשענעס זאָלן היטן נאָר ערלעך־פארדינט געלט.

וואָס שטייט איר, בורגמייסטער, וואָס פילט איר ניט אויס מײַן באפעל? דאָס איז, מינאסטאם, דערפאר, ווײַל די הענט, דער קאָפּ, דער צונג געהערן צום בורגמייסטער, און ניט צו מיר? איז ווער האָט אײַך געזאָגט, אז גוטענבערגס הענט און קאָפּ, הארץ און פארמעגן געהערן אײַך? גוטענבערג וועט מײַן שפּיל הײַנט באנאכט דרוקן.

גוטענבערג. זיגפריד! א גאסט ביסטו בא מיר, איז האלט זיך אָנשטענדיק. איך אנטשולדיק זיך, וואָס ער האָט באלײדיקט אײַער מאיעסטעט... גייט בעשאָלעם אהיים, איר זײַט איצט אופגערעגט און קאָנט אָפּטאָן ניט קיין ווירדיקע זאכן. גייט אהיים, שלאָפט זיך אויס, באטראכט זיך נאָכאמאָל, און איך וועל דערווײַל די פריילעכע שפּיל פון אָרעמע קאָמעדיאנט אָפּדרוקן. מאָרגן פרי בין איך גרייט אין ראטהויז געבן אן ענטפער. גייט בעשאָלעם אהיים.

בורגמייסטער. געגוג פוסטע רייד. דער מאָנאך דופּיק וועט ציילן ביז צוואנציק, פאר דער צײַט וועסטו דעם טײַוולשן ווארשטאט, די בלײַענע אויסיִעס מיר פרײַוויליק ארויסגעבן... די אלע איבעריקע זאכן גייען איבער אין רעשוס פון מאגיסטראט און געהערן צו דער שטאָט מײַנץ.

זיגפריד. אָדער צום בורגמייסטער פּוסט.

בורגמייסטער. שטומען, אָדער דו וועסט אײַנעם מיט גוטענבערגן נאָך הײַנט באנאכט די שטאָט פארלאָזן. מאָנאך דופּיק, צייל.

מאָנאך דופּיק (גיך). איינס, צוויי, דרײַ, פיר, פינף...

אגנעסע. ניט אזוי גיך, דו וועסט זיך דעם צונג אָפּבײַסן.

גײַנצ. קעדיי ער זאָל קיין טאָעס ניט האָבן, וועל איך אים מיט א שטעקן איבער זײַן טעמפּן קאָפּ קלאפּן.

בורגמייסטער. זעקס, זיבן.



דופּיק. אכט, נײַן.

גוטענבערג. אויב אזוי, וועלן איצט רעדן הענט. ווער עס וועט איין טראָט נעענטער צו מײַן ווארשטאט מאכן, וועט בלײַבן ליגן טויט. (גוטענבערג, זיגפריד, גײַנצ, סימאָן כאפּן אין די הענט שטעקנס, כפּייצים. שטייען גרייט אָנצוהייבן דעם געשלעג).

אווגוסטין. אין נאָמען פון גאָט, פון יעזוסן און דער הייליקער ביבל באפעל איך יאָהאנ גוטענבערגן פארלאָזן די שטאָט.

גוטענבערג. גיכער וועט דער פאלשער קאָפּ דײַנער פארלאָזן די פלייצעס, איידער איך די שטאָט... קיין טראָט ניט!

בורגמייסטער. איידעס זײַט, אז איך האָב געוואָלט זיך פרידלעך באגיין מיט יאָהאנ גוטענבערגן. ארײַנרופן די וואך!

(עס קומען ארײַן באוואָפנטע וואך־לײַט).

בורגמייסטער. פארנעמען אין קלויסטער דעם קישעפמאכער יאָהאנ גוטענבערגן מיט זײַנע דרײַ באהעלפער...

זיגפריד. שטייט! ווארט! א ליגן זאָגט דער בורגמייסטער. יאָהאנ גוטענבערג איז ניט קיין קישעפמאכער. ניט אין טפיסע דארף מען אים פירן, נאָר א בעקאָוועדיקן אָרט אין מאגיסטראט האָט ער פארדינט.

בורגמייסטער. פאר רייד אזעלכע — פארנעמט אים.

מארגאריטע. ער זאָגט עמעס.

בורגמייסטער. אלעמען פארנעמען.

אגנעסע. זאָל מען נעמען. איך וועל סײַוויסײַ אנטלויפן.

גוטענבערג (צו דער וואך, דעם בורגמייסטער און די גײַסטלעכע). מיט געוואלד פירט אונדז אין קלויסטער אָפּ. נאָר געדענקט:

ניט שולדיק איז יאָהאנ גוטענבערג.
גוטס פאר מענטשן האָט ער געשאפן.
און מעג מען מיך אפן פײַער ברענען,
אפ דער טליִע הענגען, די בלײַענע אויסיִעס פון
יאָהאנ גוטענבערגן וועלן אפ אייביק בלײַבן לעבן.

בערנארד. ניין, איידער דו וועסט נאָך דאָס הויז פאַר־לאָזן, וועלן זיי זײַן פאַרניכטעט.

(הײבט אָן ברעכן דעם וואַרשטאַט. אווגוסטינ, דופּיק, לופּיק העלפֿן אים).

גוטענבערג. גאָט, טו מיט מיר דײַן גנאָד און מאַך מיך בלינד.

(פאַרשטעלט דאָס פּאָנעם מיט די הענט און גייט אַרויס מיט אַ געבויגענעם קאָפּ).

---

# דריטער אקט

## דרײַ גאַנאַווים אַף איין גוטענבערגן

א צימער אינ קלויסטער. ניט קײנ ספיסע־צימער, נאָר אנ אָרט, וווּ דער קלויסטער פארשפארט פארדעכטיקטע אינ אפיקאָרסעס, אײדער ער גיט זײ איבער אינ די הענט פונעם אינקוויזיטאָר. יאָהאנ גוטענבערג זיצט באם פענצטער. א קרומער פאס זונ פאלט אפ זײַנ פּאָנעם. מיט א שארפנ מעסער שניצט ער אפ א קלײנ ברעטל. ביזנ קומענ פונ אגנעסענ נעמט ער קײנ אָנטײל ניט אינ שמועס אונ אינ אלץ, וואָס עס קומט פאָר אינ צימער. ער איז פארטאָנ אינ דער ארבעט, אָפט שטײט ער אופ פונ זײַנ אָרט, מאכט עטלעכע טריט הינ אונ צוריק אונ קערט זיכ ווידער אומ צו דער ארבעט. די איבעריקע — האנס זיגפריד, פעטער, גײנצ, סימאָנ, אלבערט—קוקנ אָנגעשטרענגט אינ די שפאלטנ פונ טיר. מארגאריטע שרײַט, ווי געווײנלעכ, אפ איר מאנ.

מארגאריטע. דו זאָלסט מיר די רעגע זאָגנ, וווּ איז אגנעסע, וווּ איז מײַנ קינד? איכ וועל זיכ ניט שעמענ פארנ הער גוטענבערגנ. איכ פרעג בא דיר מיט גוטנ: וווּ איז אגנעסע, וווּ האָט איר אהינגעטאָנ מײַנ קינד?

האנס זיגפריד. שא, שטיל, דו מאכסט אונדז אומגליקלעכ. מארגאריטע, אויב דו רעדסט אויס נאָכ אײנ וואָרט, שנײַד איכ דיר אָפ דעמ צונג. שטומ.

אלע. שא... שא... שא...

זיגפריד. א פײַערל, באם ארײַנגאנג. א פײַערל.

פעטער. איכ זע גאָרנישט.

גײנצ. לאָז מיכ.

סימאָנ. א מאָנאכ גײט אהער. ווארט, נאָכ אײנער. איכ זע זײערע לאנגע מאנטלענ אונ קאפישאָנענ. זײ טראָגנ עפּעס אינ די הענט.

אלבערט (שפרינגט אוף, שמעקט די לופט). איר הערט גאָרנישט?
און מיר דאכט, אז אינדערלופטן שמעקט מיט אכילע. פעטער, דערלאנג א טאפ בא מיר דעם בויך,—ווייך, ווי א פוסטער זאק.

מארגאריטע. הער אוף לעצעווען! עס ווארט אפ אונדז דער טויט, און ער... גאָט גנעדיקער, ווו איז דאָס קינד? האנס, זאָלסט מיר גלײַך זאָגן, ווו איז אגנעסע?

האנס. שווײַג! די מאָנאכן זײַנען נאָענט. אין עטלעכע רעגעס ארום זײַנען זיי דאָ. האָב ראכמאָנעס אפ זיך, אפ די קינדער, אפן הער גוטענבערג, ווער אפ א ווײַלע שטום. גו, נאָר אפ א פאָר שאָ. איך בעט דיך, טײַערע, גאָלדענע טײַבעלע מײַנע, ווער אפ א פאָר שאָ שטום...

מארגאריטע. וואָס? איך זאָל ווערן שטום, איך זאָל ניט ריידן...

האנס. ניין, איך מיין, דו זאָלסט... נו, ווייסט וואָס... אויב דו קאָנסט זיך ניט אײַנהאלטן און מוזט ריידן, זידל מיך, שרײַ וואָס דו ווילסט, נאָר דערמאָן ניט אגנעסעס נאָמען. אָפגע־מאכט.

(עס עפנט זיך די טיר. עס קומען ארײַן בערנארד, דופיק און לו־
פיק.ביידע מאָנאכן טראָגן עסנווארג).

אגנעסע (פארשטעלט פאר בערנארדן). טרעט אָפ אלע צו דער וואנט! (אלע פאָלגן. בערנארד מאכט עטלעכע קרײַזן מיטן שטעקן). שיידים, רוכעס, בייזע גײַסטער! טרעט אָפ, פארשווינדט, איר זאָלט ניט האָבן קיין שליטע אפ די ערלעכע קריסטן דופיק און לופיק... איצט שטעלט אוועק דאָס עסנווארג. (ביידע מאָנאכן שטעלן אוועק דער־שראָקן דאָס עסנווארג). ווארט אָפ, ביז די זינדיקע וועלן אָפעסן, וועט איר צוריק אוועקטראָגן דאָס געפעס... (צו די פארהאלטענע) איצט קומט נעענטער, עסט, און זאָלן אײַערע זינדיקע קערפערס האָבן קויעך מאָרגן גאנצפרי זיך שטעלן פארן געריכט פונעם הייליקן אינק־וויזיטאָר... פון זײַנע גאָטספאָרכטיקע הענט איז נאָך קיינער לע־



בעדיק ניט ארויס... ניט לאנג וועלן אײַערע זינדיקע נעשאָמעס זיך מאטערן אפ אונדזער ערד.

(זיגפריד, אלבערט, פעטער, מארגאריטע, גיינצ, סימאָן רוקן זיך צו נעענטער, קוקן מיט פארדאכט אפ בערנארדן, הייבן אָן עסן. בערנארד קוקט א ווײַלע אפ דופיקן און לופיקן. אין זײַן בליק—שרעק און איבעראשונג).

בערנארד. דופיק, מאך דרײַ טריט! (דופיק מאכט דרײַ טריט). לופיק, מאך דרײַ טריט! (לופיק מאכט דרײַ טריט). גאָט בארעמהארציקער, וואָס זעען מײַנע אויגן? מאָדנע צייכנס אפ אײַערע מאנט־לען... גאָט, פארגיב! (צײלעמט זיך). טײַוולשע סימאָנים, ווארפט אראָפ! ווארפט אראָפ! טײַוולשע צייכנס! (דופיק און לופיק צײלעמען זיך דערשראָקן, ווארפן אראָפ די מאנטלען). גלײַך אין שכיינישן צימער! פאלט מיט די פנעמער צו דער קאלטער ערד, ליגט אזוי ביז באנאכט. קיין איין קלאנג זאָלן אײַערע זינדיקע ליפן ניט ארויסלאָזן, קיין איין טראָט זאָלן אײַערע פיס ניט מאכן. אניט זײַט איר פארפאלן. אומריינע זײַט איר. באנאכט וועל איך אײַך ברענגען די מאנטלען, גערייניקטע און געטויוולטע אין גאָטס וואסערן. קומט אפגיך פונדאנען! (פירט זיי ארויס. די מאנטלען בלײַבן ליגן).

מארגאריטע. וואָס ווילט איר מיר אײַנרעדן — „בערנארד"? איר שטים, אגנעסעס שטים האָב איך געהערט. און די אויגן אירע. וואָס קומט דאָ פאָר, ווו איז מײַן קינד אוועק?

האנס. נאָך א רעגעלע זײַ שטום, נו, איך בעט דיך, טײַערע, גאָלדענע טײַבעלע. נו, נאָך איין רעגעלע האלט זיך אײַן. מיר וועלן נאָך היינט, דאכט זיך, זײַן פרײַ.

בערנארד־אגנעסע (קומט צוריק).

מארגאריטע (ווארפט זיך צו אים). מײַן קינד.

בערנארד־אגנעסע. שטילער, מאמע, ווילסט אונדז אלעמען אומגליקלעך מאכן. שא! (אלע רינגלען זיי ארום). מיר האָבן וויניק צײַט. אפ מאָרגן פרי איז באשטימט דער געריכט. מע וועט אונדז, געוויס, פארמישפעטן, ווי קישעפמאכער, און פאר־

ברענען אפן שטאָט־פּלאַץ. פיר מאָנאַכישע מאַנטלען האָבן מיר (באַווייַזט, אַז צווײַ איז אַפּ איר). פרעגט מיך ניט, וויאַזוי־ארום איך האָב עס אַלץ באַקומען. זאָל די מוטער, פאָטער, פעטער און דער מייַסטער גוטענבערג גלייַך לויפן. פלינק טוט זיך אָן. טאָמער וועט מען אייַך פרעגן — ווער און וואָס? זאָגט, אַז איר זייַט אַהער געקומען אײנײנעם מיטן שאָליעך פון רוים. פון רוים איז אַהער געקומען א שאָליעך אָנזאָגן, אַז עס גרייט זיך א נייַער קרייץ־צוג, און פאַרקויפן אינדולגענציעס. נו, אַלץ, דאַכט זיך. טוט זיך אָן. (אַלע טוען זיך אָן). אָט דער מאַנטל איז פאַר אייַך, הער גוטענבערג, ער איז ברייט און לאַנג, פונקט אַפּ אייַך גענייט.

גוטענבערג (האַלט א רעגע די ריאַסע אין די הענט און גיט זי אָפּ צוריק). א דאַנק, אַגנעסע, אָבער איך דאַרף ניט קיין מאָנאַכישע ריאַסע. איך לויף אין ערגעץ ניט.

אַגנעסע. איר גלייבט ניט, אַז איך האָב אַלץ גוט באַוואָרנט, איר האָט מוירע, אַז מע וועט אונדז כאַפּן, און דאַן וועט די שטראָף זייַן נאָך גרעסער?

גוטענבערג. ניין, קיין גרעסערע, ווי טויט־שטראָף, האָט נאָך דערווייַל קיינער ניט אויסגעטראַכט. איך לויף אין ערגעץ ניט.

סימאָן. לערער, מיר זייַנען געוווינט אייַך פאָלגן. דער־קלערט אונדז, פאַרוואָס ווילט איר ניט לויפן?

גיינץ. אַפּ מאָרגן איז באַשטימט דער געריכט. זיי וועלן אונדז, ווי קישעפמאַכער, צום טויט פאַרמישפּעטן.

אַלבערט. פאַרוואָס?

פעטער. פאַרוואָס?

גוטענבערג. יאָהאַן גוטענבערג וועט באַנאַכט, ווי א פערד־גאַנעוו, פון קלויסטער ניט אַוועקגיין. מאָרגן וועל איך הויך און שטאָלץ דערקלערן: ניט שולדיק איז יאָהאַן גוטענ־בערג!

זיגפריד. ניטאָ קיין צייַט צו שפּאַסן, מייַסטער גוטענבערג,



זיי וועלן אייַך ניט לאָזן ריידן. איידער די זון וועט אויפגיין, וועלן מיר זיך בראָטן אַפן פייַער, אָדער זיך הוידען אַפן שטריק. ניטאָ פאַר וועמען צו דערקלערן. די ריכטער וועלן אייַך דאָס מויל פאַרשטאָפּן, קעדיי קיינער זאָל ניט הערן, ווי איר וועט שרייַען, ווען זיי וועלן אונטערוואַרפן האָלץ אין ברענענדיקן שייַטער. ניטאָ פאַר וועמען שטאָלץ זייַן, הער גוטענבערג.

גוטענבערג. איך לויף אין ערגעץ ניט!

אַגנעסע. ניט גוט אַזוי, הער גוטענבערג. איך האָב מיטן לעבן ריזיקירט, קעדיי פאַר אייַך די טירן פונעם פאַרשאָלטענעם קלויסטער עפענען, און איר זאָגט זיך אָפּ לויפן. (האַלט אייַן די טרערן).

גוטענבערג. א דאַנק, אַגנעסע, אָבער איך האָב בא קיינעם ניט געבעטן, מע זאָל צוליב מייַן פרייַהייַט ריזיקירן מיטן לעבן... פרייַנט, מייַן אייצע: פאַרלירט ניט אומזיסט קיין צייַט. לויפט, ראַטעוועט זיך, און מיך לאָזט דאָ. יאָהאַן גוטענבערג בייַט ניט זייַן באַשלוס.

סימאָן. דאַן בלייַב איך מיט אייַך, לערער.

גיינץ. איך לויף אויך אין ערגעץ ניט.

גוטענבערג. ניין, ניין, איר לויפט, און זאָל אייַך גאָט מאַצליעך זייַן דעם וועג.

מאַרגאַריטע. הער גוטענבערג, איר רעדט וועגן דעם אַזוי קאַלטבלוטיק, פונקט ווי איר זאָלט פאַרמאָגן פינף לעבנס.

האַנס. גענוג ריידן, מיר פאַרלירן צייַט, דערנאָך וועט זייַן שפּעט. פיר, אַגנעסע.

אַגנעסע (צו גוטענבערגן). מיר וואַרטן אַפּ אייַך!

גיינץ. לערער, טוט עס צוליב אונדז, צוליב אונדז אַנט־לויפט.

פעטער. די שאַנד פאַלט אַפּ זיי, און ניט אַפּ אונדז.

גוטענבערג. גייט אַלע אַוועק! ראַטעוועט זיך! און איך וועל אַפן ברענענדיקן שייַטער דערקלערן:

קריסטן ערלעכע, גייט צו נעענטער און זעט, אָט זייַנען

זיי, מײַנע באַהעגלעכע בוכשטאַבן. ניטאָ אין זיי קיין קישעס. אכט יאָר האָב איך טאָג און נאכט געזוכט, געפּרוווּט, געצווייפלט, ווידער געזוכט. גליק און פרייד האָב איך פאַר מענטשן אנטדעקט! און אויב פאַר מײַן האָרעוואַניע קומט מיר טליִע, בין איך גרייט זי אָננעמען.

איך אנטלויף אין ערגעץ ניט!

**שטימען:**

— טריט.

— טריט.

— טריט.

— מע גייט אהער.

**אגנעסע.** די מאָנאַכישע ריאַסעס טוט אויס.

**פּעטער.** ס'איז נאָך דאָ צײַט.

(עס עפנט זיך ראַש די טיר. בערנאַרד דערזעט זײַן צווילינג, אין געשטאַלט פון אגנעסע זיגפריד. שטייט א ווײַלע דערשטיינערט. אגנעסע רוקט זיך ארויס. בערנאַרד זוכט מיט די אויגן. באַהערשט זיך).

**בערנאַרד.** זײַ באַגריסט, יאָהאַן גוטענבערג. גאָט האָט מיר באַפוילן מיט דיר רעדן.

**יאָהאַן גוטענבערג.** און מאָרגן אפן שטאָט־פּלאַץ מיך פאַרברענען אפן פײַער, ווי א קישעפמאַכער, האָט אײַך אויך גאָט באַפוילן?

**בערנאַרד.** אלץ איז בא גאָט אין די הענט, און מיר ווייסן ניט אפריִער, וואָס דער מאָרגנדיקער טאָג ברענגט אונדז.

**זיגפריד.** אָדער א שטריק אפן האַלדז, אָדער פײַער אונטער די פיאַטעס, — די נאַפקעמינע איז ניט קיין גרויסע, הייליקער פּאָטער בערנאַרד.

**בערנאַרד.** מיטן ערלעכן מײַסטער יאָהאַן גוטענבערג בין איך געקומען ריידן... און דו שווײַג, פרעכער גאַסן־לעצ...



**אלבערט.** זײַט ניט בייז, הייליקער פּאָטער, ער וויל זיך אָנריידן פאַר אלע קומענדיקע טעג. מע זאָגט, אז אפ יענער וועלט איז ניטאָ קיין באַלאַגאַן...

**יאָהאַן.** איך בעט אלעמען אָפּטרעטן אין ווײַטסטן ווינקל און ניט שטערן מיר אויסהערן די רייד פון הייליקן פּאָטער בערנאַרד. (אלע טרעטן אָפּ). רעדט, פּאָטער, איך בין גרייט אײַך הערן.

**בערנאַרד.** א כאָלעם האָב איך געזען, און דער כאָלעם האָט א נאָענטע שײַכעס צו דיר, מײַן זון. נאָך דער באַנאַכטיקער טפילע בין איך לאַנג געלעגן מיט אָפענע אויגן און ניט געקאָנט אײַנשלאָפן, פאַרמאַך איך די אויגן און וויל אָנהייבן טראַכטן וועגן יעזוסן, וועלכער האָט אויך געליטן פאַר מענטשלעכע זינד. פּלוצעם זע איך, ווי די סטעליע איבער מײַן קאָפּ שפּאַלט זיך, און פון הימל פליִען אראָפּ ווײַסע טויבן. טאַנצן, דרייען זיך אפ מײַן בעט, פּיקן מיר אין שטערן, און צום סאָף פאַרוואַנדלען זיי זיך אין קליינינקע בלײַענע אויסיעלעך, פּונקט אזוינע, ווי דו האָסט אויסגעטראַכט. פאַל איך אפ די קני און פרעג אין איינעם שרעק און ציטערניש: „באַרעמהאַרציקער גאָט, וואָס זאָל עס באַטײַטן?" דערהער איך א שטים פון הימל: „יאָהאַן גוטענבערג איז פון מיר געשיקט אפ דער ערד, און גרויסע נוצן קאָן דער קלויסטער און אונדזער גלויבן פון זײַנע הענט באַקומען". דערנאָך האָבן צוויי פײַערדיקע בליצן דורכגעשניטן דעם צימער, און אלץ איז פאַרשוווּנדן.

**גוטענבערג.** א מאָדנער כאָלעם... וואָס קאָן ער באַטײַטן, הייליקער פּאָטער?

**בערנאַרד.** איך טראַכט, אז גאָט הייסט דיר זיך אָפּזאָגן דרוקן די אפּיקאָרסישע פאַבולע פונעם גאַסנשפּילער האַנס זיגפריד, בלײַבן אין קלויסטער און גלײַך צוטרעטן דרוקן די אינדולגענציעס. דער פּאַפּא גרייט א נײַעם קרייצ־צוג... קיין געלט איז ניטאָ... קאָנסטאַנטינאָפּאָל איז פאַרכאַפּט פון די אומגלויביקע

מאכמעדאנער... מע דארף גלײַך אָפּדרוקן 20 טויזנט אינדולגענציעס... גאָט הייסט אזוי טאָן, זון מײַנער...

ג ו ט ע נ ב ע ר ג. איך האָב צוגעזאָגט דעם אָרעמען גאסנשפּילער אָפּדרוקן זײַן פאבולע. מיר איז שווער זיך אָפּזאָגן פון מײַן צוזאָג.

ב ע ר נ א ר ד. דו דארפסט זיך פון גאָרניט אָפּזאָגן, ס'איז דאָ א באשלוס פון בורגמייסטער — האנס זיגפרידן פון שטאָט ארויסטרײַבן.

ג ו ט ע נ ב ע ר ג. ניט קיין גערעכטער באשלוס.

ב ע ר נ א ר ד. אזוי האָט דער מאגיסטראט געפּאסקנט... און דו בלײַבסט אין קלויסטער. א דירע וועל איך דיר געבן. מײַנע מאָנאכן וועלן אומזיסט אונטער דײַן האשגאָכע ארבעטן, און איך וועל מיט הייליקן וואסער דײַנע בלײַענע אויסיעס באשפּריצן. מאסקים?

ג ו ט ע נ ב ע ר ג. און ווי רעכנט דער פּאָטער בערנארד באלוינען מײַן ארבעט?

ב ע ר נ א ר ד. 75 פּראָצענט פון פארדינסט וועט גיין אין קאסע פון קלויסטער, און 25 פּראָצענט פאר דיר, מײַן זון.

ג ו ט ע נ ב ע ר ג. איך דאנק דיר, הייליקער פּאָטער, איך וועל אלץ באטראכטן.

ב ע ר נ א ר ד. א פארמישפּעטער צום טויט טראכט ניט, נאָר איז מאסקים און דאנקט גאָט דעם פּאָטער, וואָס זײַן גנאָד האָט אראָפּגענידערט אף אים...

ג ו ט ע נ ב ע ר ג. איך דאנק און לויב זײַן נאָמען, אָבער איך בין צום טויט נאָך ניט געווען פארמישפּעט.

ב ע ר נ א ר ד. פאר קישעפמאכער און יערעטיקער איז דאָ איין שטראָף — פארברענען אפן פײַער... ניט גרינג וועט מיר אָנקומען באווײַזן, אז גאָט האָט געפירט מיט דײַן האנט, ווען דו האָסט דײַנע בלײַענע אויסיעס אויסגעטראכט... ווײַל, אויב מע



וויל, קאָן מען טראכטן, אז דער טײַוול האָט אין זיי אויך א כיילעק... דו האָסט פארשטאנען?

ג ו ט ע נ ב ע ר ג. פארשטאנען...

ב ע ר נ א ר ד. נאָך הײַנט באנאכט וועסטו זײַן פרײַ. איך גיי צום יעפּיסקאָפּ און בורגמייסטער בעטן פאר דיר. (ציילעמט אים, גייט ארויס).

מ א ר ג א ר י ט ע ז י ג פ ר י ד. זײַן גליק, מײַסטער גוטענבערג, וואָס האנס האָט מיך די גאנצע צײַט געהאלטן פאר די הענט, איך וואָלט אים די גנייווישע אויגן אויסגעגראבלט, דאָס גלאטינקע צינגעלע ארויסגעשניטן. געהערט — עס איז שוין דאָ א באשלוס פון בורגמייסטער אונדז פארטרײַבן פון שטאָט... פאר וואָס, איך פרעג בא אײַך, פאר וואָס?

ה א נ ס ז י ג פ ר י ד. מארגאריטע, רייד ניט אזוי וועגן הייליקן פּאָטער בערנארד. ער איז נאָרוואָס געוואָרן דעם הער גוטענבערגס א שוטעף. 75 פּראָצענט אים אין קעשענע, 25 פּראָצענט דעם מײַסטער גוטענבערגן, און איבער אלע מערק, דערפער און שטעט וועלן מאָנאכן שרײַען: פרומע קריסטן, קויפט אויס אײַערע זינד! אף הייסע סקאָוואָראָדעס וועט מען אײַך ברענען, אף צעגליטע קוילן וועט מען אײַך בראָטן. קויפט אינדולגענציעס: צוויי שילינג א זינד!

ג ו ט ע נ ב ע ר ג. גענוג, איך פארבאָט כויזעקן פון פּאָטער בערנארד!

ה א נ ס. און איך פארבאָט אײַך שרײַען! א פרײַער גאסנשפּילער בין איך. און אויב מײַן אייגענער זון וועט זיך פארייניקן מיט די גאנאָווים, קעדיי אָפּנארן דאָס פּראָסטע פּאָלק, וועל איך ארויסגיין פארן פּאָלק און זאָגן: נידערטרעכטיק ביסטו, אזויווי זיי...

ג ו ט ע נ ב ע ר ג. איך האָב נאָך גאָרנישט ניט באשטימט. איך האָב נאָך מײַן האסקאָמע ניט געגעבן.

ה א נ ס. וועט איר געבן.

מארגאריטע. ווידער א מאָנאַך. ער שאַרט זיך פֿאַזע וואַנט, ווי ער וואָלט מוירע האָבן, מע זאָל אים ניט דערזען.

אווגוסטין (קומט אַרײַן). זײַ באַגריסט, מײַסטער גוטענבערג.

גוטענבערג. אַ דאַנק, הייליקער פּאָטער.

אווגוסטין. אַ חלום האָב איך די נאַכט געזען, און דער חלום האָט אַ שײַכעס צו דיר, מײַן זון.

גוטענבערג. איך הער, דערציילט.

אווגוסטין. נאָך דער נאַכטיקער טפֿילע בין איך לאַנג געלעגן מיט אָפֿענע אויגן און ניט געקאָנט אײַנשלאָפֿן...

האַנס זיגפֿריד. פֿאַרמאַך איך די אויגן און וויל אָנהייבן טראַכטן וועגן יעזוסן, וועלכער האָט אַזוי געליטן פֿאַר מענטשלעכע זינד...

פּאָטער אווגוסטין. פֿונוואַנען ווייסט דער גאַסנשפּילער גאָטס חלום?

גוטענבערג. ניט וווּנדערט זיך, הייליקער פּאָטער, נאָרוואָס איז דאָ געווען דער פּאָטער בערנאַרד און דערציילט דעם זעלבן חלום.

אווגוסטין. בײַ מיר, בײַ מיר האָט ער דעם חלום אוועקגענאַרט. איך האָב אים פֿאַרטרויט, געגאַנוועט. וואַרט, און וועגן אינדולגענציעס האָט ער מיט דיר גערעדט?

גוטענבערג. גערעדט.

אווגוסטין. וויפֿל פּראָצענט?

גוטענבערג. 75 פּראָצענט פֿאַרן קלויסטער, און 25 פּראָצענט פֿאַר מײַן אַרבעט.

אווגוסטין. און דו ביסט מסכּים געווען?

גוטענבערג. נאָך ניט.

אווגוסטין. גאָט צו דאַנקען. (ציילעמט זיך). איך גיב דיר 35 פּראָצענט, און נאָר 65 פּראָצענט פֿאַרן קלויסטער... דו ביסט מסכּים, זון מײַנער? איך האָב נאָרוואָס גערעדט מיטן בורגמייסטער, נאָך הײַנט באַנאַכט באַקומסטו פֿרײַהײַט און וועסט צוטרעטן דרוקן די אינדולגענציעס.



גוטענבערג. ברענגט אַ פּאַפּיר מיט אַ שטעמפּל און אונטערשריפֿטן פֿון יעפּיסקאָפּ און בורגמייסטער. איר דאַרפֿט זיך צווײַלן.

אווגוסטין. זײַ רויִק, אין אַ שאָ אַרום וועט אַלץ זײַן פֿאַרטיק. דו ווייסט ניט, וווּהין איז אוועק דער פּאָטער בערנאַרד?

גוטענבערג. צום יעפּיסקאָפּ און בורגמייסטער.

אווגוסטין. גלייב אים ניט. ער וועט דיך אָפּנאַרן...

גוטענבערג. איך גלייב נאָר אײַך, הייליקער פּאָטער, נאָר פֿאַרלירט ניט אומזיסט קיין צײַט.

אווגוסטין. אין נאָמען פֿון גאָט, פֿון פּאַפּאַ פֿאַרבאָט איך דיר האָבן מיט אים וואָס צו טאָן, ער האָט בײַ מיר דעם חלום אוועקגעגאַנוועט. 40 פּראָצענט פֿאַר דיר און 60 פּראָצענט פֿאַרן קלויסטער... קריסטן ערלעכע, פֿאַרשפּאַרט די טירן און לאָזט אים ניט אַרײַן. איך לויף... (לויפֿט אַרויס).

האַנס. ניט זאָרג, מאַרגאַריטע, גלײַך, ווי מע לאָזט מיך פֿונדאַנען אַרויס, פֿאַרפֿאַס איך אַ נײַע פֿאַבולע מיטן נאָמען „איין גאַנעוו האָט אָפּגענאַרט דעם צווייטן”. וואַרט, דאַכט זיך, אַז אַ דריטער גאַנעוו גייט אַהער, ער האָט מיסטאָמע אויך געזען אַ חלום. (עס עפֿנט זיך די טיר, עס קומט אַרײַן דער בורגמייסטער פּוסט. האַנס בײַט דעם טאָן). זײַט געגריסט, כאָשעווער בורגמייסטער! ווי געפֿעלט אײַך אונדזער שלאָס? אָט דאָ איז דער שלאָפֿצימער, אָט דאָ איז דער עסצימער, און אָט דאָ איז דער צימער פֿאַר כאָשעווע געסט. זיצט. איר זײַט שוין הײַנט דער דריטער.

בורגמייסטער (צו דער וואַך). פֿירט אַלעמען, אַחוץ יאָהאַנן גוטענבערגן, פֿון צימער אַרויס, האַלט זיי אין דורכגאַנג, ביז איך וועל דרײַ מאָל מיט מײַן שטעקן אין טיר קלאַפּן. (מע פֿירט אַלעמען אַרויס). יאָהאַן, איך בין געקומען דיר מעלדן, אַז דו ביסט פֿרײַ, אינגאַנצן פֿרײַ. בײַ מיר זײַנען הײַנט געווען בערנאַרד און אווגוסטין און דערציילט זייער חלום. ווײַזט זיך אַרויס, אַז גאָט האָט

געפֿירט מיט דײַן האַנט, ווען דו האָסט די אויסיִעס אויסגעטראַכט. דו און דײַנע באַהעלפֿער זײַנען פֿרײַ... און ניט נאָר פֿרײַהײַט האָב איך דיר געבראַכט, איך וויל דיר העלפֿן אויספֿירן גאָטס פֿאַרלאַנג.

גוטענבערג. מיט וואָס קאָנט איר מיר העלפֿן, געאַכטער בורגמייסטער?

בורגמייסטער פּוסט. מיט געלט. וויפֿל געלט דאַרפֿסטו האָבן, קעדיי מיט דײַנע בלײַענע אויסיִעס אָנהייבן גלײַך דרוקן אינדולגענציעס?

גוטענבערג. די ערשטע צײַט 1300 גילדן.

בורגמייסטער (עפֿנט די טיר און רופֿט). דעם נאָטאַריוס אַהער! (עס קומט אַרײַן דער נאָטאַריוס). שרײַב: „דער בורגמייסטער פֿון דער שטאָט מײַנץ לײַט דעם בירגער יאָהאַן גוטענבערגן 1300 גילדן אויף פֿאַרב און פּאַפּיר. פֿון דער געליִענער סומע באַקומט דער בורגמייסטער פּוסט זעקס פּראָצענט. דער בורגמייסטער פּוסט ווערט אַ שותּף פֿון דרוקערײַ און באַקומט 50 פּראָצענט פֿון פֿאַרדינסט. דאָס געליִענע געלט איז יאָהאַן גוטענבערג מחויבֿ אויסצאָלן אין משך פֿון דרײַ יאָר.

22 אויגוסט, 1450 יאָר".

(צום נאָטאַריוס) דו קאָנסט גיין. (דער נאָטאַריוס אָפּ. צו גוטענבערגן).

שרײַב אונטער דעם אָפּמאַך, אָט דאָ, טראַכט ניט לאַנג, ווײַל אין דער צײַט, וואָס דו וועסט אונטערשרײַבן, וועל איך מײַן נאָמען שטעלן אויפֿן פּאַפּיר וועגן דײַן באַפֿרײַונג.

גוטענבערג. און אויב איך בין ניט מסכּים אויף אײַערע באַדינגונגען?

פּוסט. דאַן וועל איך זײַן געצוווּנגען איבערגעבן דײַנע איניִען אין די הענט פֿון קרײַז־אינקוויזיטאָר, און ער וועט שוין באַשטימען, צי דו ביסט שולדיק, אָדער ניין. פֿאַרשטאַנען?

גוטענבערג. יאָ, פֿאַרשטאַנען. גיט דעם אָפּמאַך. (ביידע שרײַבן אונטער).



בורגמייסטער (קלאַפּט אין טיר, אַלע קומען אַרײַן). הערן מײַנע באַפֿעל! דער מײַסטער גוטענבערג מיט זײַנע באַהעלפֿער קערן זיך אום צוריק אין וואַרשטאַט און הייבן אָן דרוקן די הייליקע אינדולגענציעס.

דער גאַסנשפּילער האַנס זיגפֿריד מיט זײַן פֿאַמיליע פֿאַרלאָזט היינט באַנאַכט די שטאָט. אין משך פֿון פֿינף יאָר איז אים פֿאַרבאָטן אין דער שטאָט מײַנץ און אירע אומגעגנטן אויספֿירן דעם „אָנגעבלאָזענעם אינדיק".

האַנס. איך וויל וויסן: פֿאַרוואָס?

פּוסט. ווײַל דו האָסט קיין קאָפּיעס אין מאַגיסטראַט ניט צוגעשטעלט.

האַנס. איר האָט דאָך דעם מײַסטער גוטענבערגס וואַרשטאַט צעשטערט... און...

פּוסט. ניט דעם מײַסטער גוטענבערגס וואַרשטאַט, נאָר מײַן אייגענעם. איך בין זײַן שותּף, און דער וואַרשטאַט געהערט מיר, פּונקט ווי אים, און דרוקן וועלן מיר דאָס, וואָס מיר ביידע וועלן געפֿינען פֿאַר גאָט געפֿעליק. (פּוסט אַרויס).

האַנס. פֿרײַנט מײַנער, צערײַס דעם אָפּמאַך. צערײַס, קאָל־זמאַן עס איז נאָך דאָ צײַט. נעם אַ שוואַרצן ברויט און קום מיט מיר. אין דערפֿער אָרעמע, אויף טומלדיקע מערק, אין פֿרײַע האַנדלס־שטעט וואַרט אויף אונדז דאָס פּראָסטע פֿאָלק. דו וועסט מײַן פֿאַבל־שפּיל אָפּדרוקן, און איך און די פֿאַמיליע מײַנע וועלן זי שפּילן.

גוטענבערג. גיין, האַנס, איך וועל מיט דיר אין ערגעץ ניט גיין. מײַן אויג וויל ווידער זען דעם פֿלאַם אין ברענענדיקן אויוון, ווו מײַנע בלײַענע אויסיִעס שמעלצן זיך און ווערן אויס־געפֿורעמט. איך האָב מײַן גרויסע אַרבעט ניט פֿאַרענדיקט... פֿופֿציק פּראָצענט פֿון מײַן פֿאַרדינסט פֿאָדערט פֿון מיר דער בורגמייסטער. זעקס פּראָצענט פֿון יעדן גילדן דאַרף איך אים יערלעך צאָלן... באַשיידן איז דער בורגמייסטער... ווײַל, ווען ער

וואָלט בא מיר דאָס הארץ, די נעשאָמע מײַנע געפּאָדערט, גיב איך אים מיט פרייד זיי אָפּ... איך דארף איצט געלט און פרײַ־הײַט. איך וויל דערלעבן יענעם טאָג, ווען די ביכער פון יאָהאַנ גוטענבערגן וועלן זיך, ווי ווײַסע כויבן, איבער דער וועלט פאַ־נאַנדערפליִען.

האַנס. ווי שווארצע ראָבן, וואָס פּיקן אויס די לעצטע פארהאָרעוועטע גולדנס באַם אָרעמאַן.

גוטענבערג. האַנס, איך בין אויך אן אָרעמאַן, און ווער עס גיט מיר געלט און פרײַהײַט, קעדיי פּאָרזעצן מײַן ארבעט, דעם פאָלג איך. קומט, באַהעלפער טרײַע.

מאַרגאַריטע. שווײַג, שווײַג, האַנס, דו זעסט דאָך, ער האָט זיך דעם בורגמייסטער פארקויפט. אומזיסט טײַנעג מיט אים.

גוטענבערג. באַליידיקט, באַליידיקט אַלע, ווער עס וויל, באַשפּײַט דעם מײַסטער גוטענבערגן, אָבער, קעדיי צו פּאָרזעצן מײַן ארבעט, דארף איך האָבן געלט און פרײַהײַט. פרוי זיגפריד, ביטע, גיט מיר די צוויי זאכן, דאַן וועל איך זיך אָפּזאָגן פונעם אָפּמאַך.

האַנס. מײַסטער גוטענבערג, ס'איז לײַכטער זיך אָפּזאָגן פון ערלעכקײַט... ניט עמעס? האָב גליק, און דער גאַסנזינגער האַנס וועט ווידער אַליין, ווי פריִער, גיין זײַנע שווערע וועג. א קאָמע־דיאַנט, א וואַנדערער בין איך, און מײַן גײַסט איז פרײַ, און די נעשאָמע ריין... בא א צווייטער באַגעגעניש וועסטו זאָגן: האַנס זיגפריד, דו ביסט געווען גערעכט. מער וועל איך קיין איין וואָרט ניט זאָגן. (טרעט אָפּ).

(עס לויפט ארײַן בערנארד' פארסאפעט).

בערנארד. אָט איז דאָס פאפיר, געכאַסמעט פון יעפּיסקאָפּ אַליין, מײַסטער גוטענבערג, שרײַב אונטער.

אַוגוסטינ (לויפט ארײַן פארסאפעט). אָט איז דאָס פאפיר, 



געכאַסמעט פון יעפּיסקאָפּ אַליין. מײַסטער גוטענבערג, שרײַב אונטער.

(דער בורגמייסטער און דער נאָטאריוס קומען ארײַן).

בערנארד. א פאַלשע אונטערשריפט בא אים. דער יעפּיס־קאָפּ האָט נאָר אָפּ מײַן פאפיר זײַן הייליקן שטעמפּל געשטעלט. זאָל דער בורגמייסטער... אָט איז דער שטאָט־נאָטאריוס, זאָלן זיי באַטראַכטן.

אַוגוסטינ. שווײַג! נידערטרעכטיקער, דו האָסט בא מיר דעם כאָלעם געגאַנווועט, און איצט ווילסטו... זאָל דער מײַסטער, דער נאָטאריוס... אָט איז דעם יעפּיסקאָפּס אונטער־שריפט. 40 פּראָצענט, מײַסטער...

גוטענבערג. קריגט זיך ניט, איר האָט ביידע פארזאַמט.

ביידע. וואָס הייסט פארזאַמט?

וואָס באַטײַט עס?

בורגמייסטער. דער מײַסטער גוטענבערג האָט שוין אונטערגעשריבן אן אָפּמאַך, איך בין זײַן שוטעף... (ביידע קענען ניט ריידן פון איבערראַשונג. עס לויפן ארײַן לופּיק און דופּיק, האַלב נאַקעט, פאַלן אָפּ דער ערד).

דופּיק (צו בערנארדן). באַפרײַ, הייליקער פּאָטער, פון דער הארבער שטראָף, באַפרײַ. איך קאָן מער ניט ליגן אָפּן קאַלטן דיל.

לופּיק. אין באַזונדערע צימערן באַפעל אונדז ליגן. ער זאָגט, אַז בא מיר אָפּן רוקן טאַנצן אום שיידים.

דופּיק. און ער זאָגט, אַז אן עקעלע איז בא מיר אויסגעוואַקסן.

בערנארד. וווּ זײַנען אײַערע מאַנטלען? גלײַך טוט אָן מאַנטלען. א שאַנדע פאַר מענטשן.

דופּיק. אָפּ די מאַנטלען צייכנס...

לופּיק. איר האָט דאָך געהייסן זיי אויסטאָן.

בערנארד. ווער, איך? זיי זײַנען פון זינען אראָפּ...

אַגנעסע־בערנארד (לויפט ארײַן).

בערנארד (דערשראָקן). וואָס זעען מײַנע אויגן? איך... איך... (טרעט אָפּ).

אגנעסע. שרעקט זיך ניט, הייליקער פאָטער, איך האָב געשפּאַסט. (וואַרפט אַראָפּ פון זיך דעם מאַנטל, צו דופּיקן און לופּיקן). און איר וואָס ציטערט אַזוי? טוט אָן אײַערע מאַנטלען! (מע דערלאַנגט זי גיט זיי אָפּ). נאַט, איצט זײַנען זיי אונדז איבעריק. פאָטער, פּעטער, הער גוטענבערג, אַ פרײדיקע בשורה האָב איך געבראַכט. עס גייען אַהער די צעכמײַסטערס און זייערע געזעלן. איך האָב זיי אַלץ דערציילט. אַ גרויסע אויפרעגונג הערשט צווישן זיי. איר הערט זייערע אויסגעשרייען? דאָס פאָדערן זיי פרײַהײַט פאַר דיר (צום פאָטער), און פאַר אײַך, מײַסטער גוטענבערג.

האַנס. דער מײַסטער גוטענבערג נייטיקט זיך ניט אין דער פרײַהײַט, וועלכע די ערלעכע באַלמעלאָכעס פון מײַנץ ברענגען אים. ער האָט זי שוין באַקומען פון בורגמייסטער פּוסט, און נאָך אַ צוגאָב געלט. קומט, קינדער, זיי אַנטקעגן.

פּוסט. קיין טראָט ניט. וואַך! אַרומרינגלען! קיינעם פון צימער ניט אַרויסלאָזן. (צו דער וואַך). פינף פון אײַך צו די טויערן פון קלויסטער. אַהער ניט אַרײַנלאָזן.

זיגפריד. מאָרגן אינדערפרי וועל איך אָפּן שטאָט־מאַרק שפּילן מײַן „אָנגעבלאָזענעם אינדיק“.

בורגמייסטער. האַנס, דו שפּילסט מיט פײַער.

האַנס. עס איז נאָך ניט באַוווּסט, ווער עס וועט אָפּ אים ברענען.

בורגמייסטער. נאָך איין וואָרט, און דו וועסט בלײַבן זיצן אין קלויסטער און ווערן איבערגעגעבן אין די הענט פון דער אינקוויזיציע.

האַנס. מע זאָגט, אַז אין סטראַסבורג האָבן די צעכן זייער בורגמייסטער דעם קאָפּ אַראָפּגעהאַקט, דעם קאָפּ אָפּ אַ שטאַנג אַרויפגעשטעקט. ער איז זייער ענלעך געווען אָפּ אײַך, הער פּוסט.



אגנעסע. זיי זײַנען שוין גאָר נאָענט!

גיינץ. איך הער שוין זייערע טריט.

פּוסט (צו דער וואַך). ניט צולאָזן צו די פענצטער נאָענט.

(גייט אַליין צו צום פענצטער, עפנט אים אויף, רעדט אין דרויסן אַרויס).

רויִק, רויִק, כּשרע צעכמײַסטערס און געזעלן! מיר איז פאַרשטענדלעך אײַער אויפרעגונג און כּעס. עס איז פאָרגעקומען אַ טעות, און, ווי שטענדיק, זײַנען אין טעות שולדיק די קלויסטער־דינער, וואָס זוכן אומגלויביקע און ירעטיקער ניט דאָרטן, וווּ מע דאַרף. אָבער איר האָט פאַרשפּעטיקט. דער גאַסנשפּילער האַנס זיגפריד איז פון מיר באַפרײַט געוואָרן און האָט פרײַוויליק מיט צוויי שאָ צוריק פאַרלאָזט די שטאָט.

און דער כּשרער מײַסטער יאָהאַן גוטענבערג מיט זײַנע באַהעלפער וועלן גלײַך צו אײַך אַרויסגיין, און איר וועט קאָנען מיט קאָוועד און געזאַנג, ווי ער האָט עס פאַרדינט, אים אומקערן אין זײַן הויז... אָט איר זעט, דאָס איז דער באַפעל וועגן זייער באַפרײַונג.. (שפּרינגט אַראָפּ פון פענצטער. דער טומל הינטער די פענצטער ווערט שטילער). מײַסטער גוטענבערג, באַהעלפער, אײַך וועלן די מײַנצער באַלמעלאָכעס אָפּגעבן קאָוועד. קומט נאָך מיר. (צו דער וואַך). האַנס זיגפריד און זײַן פאַמיליע האַלטן אונטער אַ שטרענגער וואַך, ביז ס'וועט פינצטער ווערן, דערנאָך דורך הינטערשטע וועגן פון שטאָט אַרויספירן.

אגנעסע. פּעטער!!

פּעטער. אגנעסע!! איך וועל צו דיר קומען!

אגנעסע. קום.

(זיי וואַרפן זיך איינע צו די אַנדערע. עס ווערט פינצטער. ווען עס צינדט זיך אָן פײַער, איז שוין קיינער ניטאָ. אַ לעוואָנע־נאַכט, אַ בענקל, אַ בוים. אויפן בענקל זיצן אגנעסע און פּעטער. קוקן זיך אום. האָבן, קאָנטיק, מוירע, אַז מע וועט זיי דערזען).

פּעטער. פאָרסט אַוועק, יאָ?

אגנעסע. און דו וועסט די גאנצע צײַט וועגן מיר געדענקען און קיין צוויים מיידל ניט ליב באקומען?

פעטער. וואָס רעדסטו... געוויס, נאָר אפ דיר וועל איך ווארטן.

אגנעסע. דאן גיב מיר דײַן טיכעלע. (ער גיט איר. זי שנײַדט זיך אײַן א פינגער, קוועטשט ארויס א טראָפּן בלוט. צערײַסט דאָס טיכעלע, ריכט עס אײַן אין אייגן בלוט, גיט א העלפט פעטערן).

נא, אָט איז א סימען, אז מיר זײַנען אפ לעבן און טויט פארבונדן... זײַ געזונט, פעטער.

פעטער. פאָר גליקלעך.

אגנעסע. און דו בלײַבסט טאקע אין מײַנץ?

פעטער. נו, געוויס.

אגנעסע. ווייסט, ווען איך בין נאָך א קינד געווען, האָט די מאמע מיר געשענקט א גאָלדענעם בראסלעט. צוויי הונדערט גולדן איז ער ווערט.

פעטער (באקוקט מיט גיריקע אויגן דעם בראסלעט). צוליב וואָס דערציילסטו עס מיר?

אגנעסע. אזוי, גלאט. מיר פאָרן דאָך איצט אין סטראסבורג. סטראסבורג איז זייער א גרויסע שטאָט... און קיינער ווייסט דאָרט ניט, אז גוטענבערג האָט אויסגעטראכט בוכשטאבן, מיט וועלכע מע קאָן בילִיק ביכער דרוקן...

פעטער. איך פארשטיי ניט, וואָס פאר א שײַכעס האָט עס צו אונדז?

אגנעסע. איך טראכט, אז מע קאָן פארקויפן דעם בראסלעט... פאר פינף הונדערט גולדן...

פעטער. נו?

אגנעסע. גאָרניט. ווייסט וואָס, פעטער, פאָר מיט אונדז... דו וועסט פאר דעם באקומענעם געלט אָפּגיסן בוכשטאבן. איך וועל דיר העלפן.

פעטער. ניין, אגנעסע, איך מוז זיך פריִער די קונצ פון אָפּ-



גיסן די בוכשטאבן בא גוטענבערגן אויסלערנען, — דערנאָך שוין...

אגנעסע. נו, אויב אזוי, זײַ געזונט.

פעטער. פאָר געזונט. (זיי געזעגענען זיך).

אגנעסע. פעטער, וווּהין האָסטו אהינגעטאָן דאָס טיכעלע?...

פעטער. אָט איז דאָס...

אגנעסע. ניין, באהאלט דאָס בעסער אָט אהער, אין בוזעם... זע, פארליר עס ניט...

פעטער. איך וועל ניט פארלירן.

אגנעסע. זײַ געזונט.

פעטער. פאָר געזונט. (זיי געזעגענען זיך).

אגנעסע. ווארט, ווארט. נאָך פארגעסן. אין א לעוואָנע-נאכט זאָלסטו קוקן אפן שטערן, וואָס געפינט זיך גאָר נאָענט לעבן דער לעוואָנע, אָבער גאָר, גאָר נאָענט.

פעטער. צוליב וואָס?

אגנעסע. איך וועל אפ אים אויך קוקן... און אלץ, וואָס איך וועל דיר וועלן זאָגן, וועל איך אים זאָגן... און דו טו אויך אזוי.

פעטער. גוט, איך מוז שוין גיין.

אגנעסע. אזוי גיך, מיר האָבן זיך נאָך ניט באוויזן געזעגענען אפילע.

פעטער. נו, לאָמיר זיך געזעגענען...

שטים. פעטער, פעטער, פעטער...

צווייטע שטים. אגנעסע! אגנעסע! אגנעסע!

(ביידע ווילן זיך געזעגענען. די שטימען ווערן נעענטער און העכער. זיי לויפן איינע צום אנדערן, דערלויפן ניט, זיי גייען זיך פאנאנדער אין פארשיידענע זײַטן).

---

1455 יאָר. סאָפ כוידעש אווגוסט. פונקט מיט פינפ יאָר צוריק, אויכ אינ אווגוסט כוידעש פונ 1450 יאָר, האָט גוטענבערג אונטערגעשריבנ מיטנ בורגמייסטער פוסט דעם אָפּמאכ. איצט שטייט ער פארנ געריכט. פאר דער צײַט האָט גוטענבערג אָפּגעדרוקט דאָנאַטס לאטיינישע גראמאטיק, אינדולגענציעס אונ פארענדיקט דרוקנ די ביבל, וואָס איז שפּעטער באוווּסט געוואָרנ, ווי „גוטענבערגס ביבל”, אָדער „די 42־שוריקע ביבל”,—א ריזיקע ארבעט, וואָס האָט בא אים פארשלונגענ פיר יאָר צײַט אונ זייער פיל געלט. איצט שטייט ער פארנ געריכט. פוסט וויל נים אנדערש זיכ דערשלאָגנ, אז גוטענבערגס ווארשטאט זאָל איבערגיינ צו אים, ווײַל, ווענ ער וועט געבנ גוטענבערגנ נאָכ א ביסל צײַט, וועט ער אינגאנצנ פארענדיקנ די ביבל, זי פארקויפנ אונ אים אומקערנ דעם כויוו... ווענ עס עפנט זיכ דער פאָרהאנג, שטייט גוטענבערג פארנ געריכט.

ריכטער. באהאלט צוריק דאָס געלט. אינ אָפּמאכ איז געזאָגט, אז דו ביסט מעכויעוו דעם בירגער פונ דער שטאָט מײַנצ יאָהאַנ פוסטנ אויסצאָלנ א העלפט פונ פארדינסט, וואָס די דרוקערײַ וועט ברענגענ... צום כויוו האָט עס אָבער קיינ שײַכעס ניט. דעם כויוו 1300 גולדנ דארפסטו אים אומקערנ. אָט איז דער אָפּמאכ. זעט, דעם 22־טנ אווגוסט 1450 יאָר האָט אים יאָהאַנ גוטענבערג אונטערגעשריבנ. אָט איז זײַנ אונטערשריפט. (באווײַזט).

גוטענבערג. צערײַס! צערײַס דעם אָפּמאכ, כאָטשעווער ריכטער. איכ האָב אים אונטערגעשריבנ ניט מיט מײַנ גוטנ ווילנ. איכ בינ דאנ געווענ אינ זײַנע הענט, א געפאנגע־

נער אין קלויסטער, אַ באַשולדיקטער אין קישעף, אין שוואַרצער מאַגיע. איך האָב קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט.

פוסט. ער זאָגט אַ ליגן. איך האָב פריִער אים באַפרײַט, און דערנאָך שוין האָט ער פרײַוויליק געליִען בײַ מיר דאָס געלט און מיך געמאַכט פאַר אַ שותּף.

דופיק }
לופיק } (דערוואַרטן זיך ניט, ביז מע וועט בײַ זיי פרעגן).

דופיק. איך שווער בײַם קרייץ פון געפּײַניקטן יעזוסן, אַז אַזוי, ווי דער בורגמייסטער פוסט זאָגט, אַזוי איז עס געווען — פריִער האָט ער אים באַפרײַט, און דערנאָך שוין אונטערגעשריבן דעם אָפּמאַך.

לופיק. איך שווער בײַם קרייץ פונעם געפּײַניקטן יעזוסן: אַזוי, ווי דער בורגמייסטער פוסט זאָגט, אַזוי איז עס געווען — פריִער האָט ער אים באַפרײַט, דערנאָך שוין אונטערגעשריבן דעם אָפּמאַך.

האַנס זיגפריד. ווי זיי האָבן זיך עס צונויפגעזוונגען. וואָרט אין וואָרט... קאָנטיק, ער צאָלט זיי בײדן אײנעם און דעם זעלבן פרײַז פאַרן ליגן...

ריכטער. וואָס האָסטו געזאָגט? אנו, כאַזער איבער.

זיגפריד. איך האָב געזאָגט, אַז די מאָנאַכן דופיק און לופיק זײַנען זייער ערלעכע און באַגלויבטע מענטשן, אָבער, פאַרטאָג אין געטלעכע איניאָנים, האָבן זיי געוויס פאַרגעסן; דעם אָפּמאַך האָט גוטענבערג אונטערגעשריבן, ווען ער איז געזעסן אין קלויסטער, און אים האָט געדראָט די טליִע.

ריכטער. וואָס ווילסטו זאָגן, אַז דער בורגמייסטער פוסט האָט געצוווּנגען יאָהאַן גוטענבערגן אונטערשרײַבן דעם אָפּמאַך?

זיגפריד. ניין, איך האָב נאָר געוואָלט בעטן, אַז דער ריכטער זאָל אָפּן האַלדזן פונעם בורגמייסטער יאָהאַן פוסט די טליִע



פאַרוואָרפן און זיך איבערצײַגן, אַז אין אַזאַ צושטאַנד וועט יאָהאַן פוסט אונטערשרײַבן וואָס פאַר אַן אָפּמאַך איר וועט פאַרלאַנגען.

ריכטער. גענוג, דאָ איז ניט קיין באַלאַגאַן. שווײַגן. בירגער גוטענבערג, איר זײַט מסכּים אײַנצאָלן די 1300 גולדן, וועלכע איר זײַט שולדיק לויטן אָפּמאַך?

גוטענבערג. איך לייג פאָר 1100 גולדן. אָט זײַנען זיי (לייגט אַוועק אויפן טיש).

ריכטער. די איבעריקע?

גוטענבערג. ווען כ'וועל פאַרענדיקן דרוקן די הייליקע ביבל.

פוסט. איך וויל באַקומען מײַן כּיוו גלײַך און אינגאַנצן.

ריכטער. טויזנט דרײַ הונדערט גולדן.

גוטענבערג. איך האָב נאָר 1100.

ריכטער. דאַן גייט איבער דער דרוק-וואַרשטאַט, די בלײַענע אויסיִעס, די פורעמס, פּאַפּיר, פאַרב, די אָפּגעדרוקטע בויגנס פון דער הייליקער ביבל און אַלץ, וואָס געפינט זיך אין געבײַדע, צום בירגער...

סימאָן. לערער, איך האָב פאַר אַלע יאָרן שווערער אַרבעט און שפּאָרערײַ אָנגעקליבן 125 גולדן, נעמט און גיט אָפּ דעם ריכטער און בורגמייסטער, לויט זייער געזעץ און אָפּמאַך...

ריכטער. דאָס געלט נעמט צו, אין דעם ייִדעס פירט אַרויס פאַרן באַליידיקן דעם געריכט מיטן וואָרט „זייער" געזעץ און אָפּמאַך. אין דער שטאָט מײַנץ הערשט איין געזעץ פאַר אַלע בירגער.

אַלבערט. דער געזעץ רופט זיך — „איין גאַנעוו העלפט דעם צווייטן".

ריכטער. פירט אַרויס דעם באַלהאָזעניק (מע פירט זיי אַרויס).

גוטענבערג. איך קאָן אײַנצאָלן 1225 גולדן.

פוסט. איך פאָדער מײַן כויוו, אָדער דעם דרוק־ווארשטאט.

ריכטער. אָנגעקלאָגטער גוטענבערג, אײַער וואָרט.

גוטענבערג. 1225 גולדן פארמאָג איך.

ריכטער. דאן גייט איבער דער דרוק־ווארשטאט, וואָס האָט געהערט פריִער יאָהאן גוטענבערגן, צום אײַנוווינער פון דער שטאָט מײַנץ...

גיינץ. צו געפֿעליק גיט איר אָפּ אונדזער האָרעוואניע דעם בורגמייסטער. לערער, אָט זײַנען די איבעריקע פינף און זיבעציק גולדן. פארשטאָפּט אים דעם האלדז און זאָל זײַן פוס מער ניט זײַן בא אונדז אין ווארשטאט. נעמט, לערער! (גיט אים דאָס געלט).

גוטענבערג. א דאנק, גיינץ, א דאנק. באקומט 1300 גולדן, לויטן אָפּמאך. הער ריכטער, איך פיל זיך שלעכט. איך קאָן גיין צוריק צו מײַן ארבעט?

ריכטער. געדולד, יאָהאן... פוסט, איר זײַט באפרידיקט?

פוסט. ניין, ער קומט מיר נאָך זעקס פראָצענט פארן ערשטן יאָר, און פאר די ווײַטערדיקע יאָרן איז אָנגעוואקסן פראָצענט אף פראָצענט. א טייל האָט ער באצאָלט. אָבער ער איז מיר נאָך שולדיק 126 גולדן... אָט איז די רעכענונג. (גיט איבער). איך פאָדער, גוטענבערג זאָל מיר באצאָלן דעם גאנצן כויוו מיט די פראָצענטן פאר פינף יאָר, אָדער ער זאָל מיר אָפּטרעטן דעם ווארשטאט.

(א טומל צווישן עולם).

האנס זיגפריד. הער ריכטער, דערלויבט א פראגע.

ריכטער. פרעג.

האנס. ווען אפּן שטאָט־מארק וואָלט מען געכאפּט א גאנעוו וואָס האָט מיט א שארפן מעסער אויסגעשניטן בא אן ערלעכן בירגער די קעשענע, אינאיינעם מיטן בײַטל געלט, וואָס וואָלט איר געהייסן טאָן?

ריכטער. אים געמישפּעט און אים אין טפיסע פארשפארט.



האנס. איז פארוואָס הייסט איר ניט באם בורגמייסטער פוסט אויסשנײַדן דעם צונג פון מויל? די נאפקעמינע איז ניט קיין גרויסע.

פוסט. איך פאָדער, מע זאָל אים גלײַך פון געריכט־הויז ארויספירן. ער באליידיקט מיך.

(א טומל צווישן עולם).

— רייד, האנס!

— זאָג, זאָג, וואָס זיי זײַנען.

ריכטער. רויִק, רויִק. איך וועל באפעלן אלעמען פון געריכט ארויסטרײַבן. רויִק! הער בורגמייסטער, עס לוינט ניט לייגן אכט אף זיגפרידס ווערטער. א גאסנשפּילער איז ער, געוווינט צו וויצלען זיך. ער מיינט עס ניט ערנסט. ריכטיק, זיגפריד, דו האָסט געשפּאסט?

מארגאריטע. זאָג, אז דו האָסט געשפּאסט.

זיגפריד. אויב דער כאָשעווער בורגמייסטער שפּאסט מיט די פראָצענטן, וואָס ער מאָנט אומזיסט בא גוטענבערגן, דאן האָב איך אויך געשפּאסט.

פוסט (בייז). הער ריכטער, מיר איז דערעסן צו הערן די פּוסטע רייד פון לעצ. איך פאָדער מײַן כויוו.

ריכטער. יאָהאן גוטענבערג, איר האָט צוגעזאָגט דעם בירגער יאָהאן פוסטן זעקס פראָצענט פון דער געליִענער סומע?

גוטענבערג. איך געדענק ניט. מיר איז דאן טײַער געווען יעדער טאָג, יעדע שאָ, איך האָב געבענקט צו מײַן דרוק־ווארשטאט, צו מײַנע פורעמס, צו מײַנע בלײַענע באוועגלעכע אויסיִעס. און ווען ער וואָלט דאן בא מיר געפאָדערט ניט זעקס פראָצענט, נאָר די נעשאָמע — וואָלט איך אים מיט פרייד אָפּגעגעבן, אבי וואָס גיכער זיך אומקערן צו דער איבערגעריסענער ארבעט.

האנס זיגפריד. איך פאָדער נאָכאמאָל לייענען דעם אָפּ־

מאַכ. עפּשער איז דאָרט אָנגעשריבן, אַז גוטענבערג איז אים שולדיק די געשאָסע...

פּוסט. איך וויל מער ניט הערן די נאַרישקייטן. איך פֿאָדער, מע זאָל לייענען דעם אָפּמאַך.

ריכטער (צום פֿאַרשרייבער). לייען.

פֿאַרשרייבער. פֿאַר דער אויסגעליִענער סומע צאָלט גוטענבערג יערלעך זעקס פּראָצענט.

ריכטער. קלאָר. יאָהאַן גוטענבערג, איר זייט מסכּים אײַנצוצאָלן די זעקס פּראָצענט?

גוטענבערג. אַן אָרעמאַן בין איך, איך פֿאַרמאָג מער גאָרנישט. זאָל פּוסט אויסוואַרטן, ביז איך וועל ענדיקן די הייליקע ביבל, דאַן בין איך גרייט אים באַצאָלן.

ריכטער. אײַער וואָרט, יאָהאַן פּוסט.

פּוסט. דעם כּיוון מיט די פּראָצענטן הײַנט, אָדער דעם וואַרשטאַט!

ריכטער. גוטענבערג, איר האָט געהערט?

גוטענבערג. געהערט.

ריכטער. וואָס האָט איר צו זאָגן?

גוטענבערג. גאָרנישט.

ריכטער. דאַן גייט דער וואַרשטאַט מיט אַלץ...

אַגנעסע. ניין, ניין... קיין זאַך גייט ניט איבער צום בורגמייסטער. ווען איך בין אַ קינד געווען, האָט מיר די מאַמע מײַנע געשאָנקען אַ גאָלדענעם בראַסלעט. (טוט אים אויס). מאַמע טײַערע, דערלויב מיר דעם בראַסלעט דעם בורגמייסטער פּוסטן אין האַלדז וואַרפֿן, עפּשער וועט ער זאַט ווערן.

מאַרגאַריטע זיגפֿריד. גוט, גוט... גיב אָפּ... גיב אָפּ. דו זעסט דאָך, אַז מע וויל דעם ערלעכן מײַסטער גוטענבערגן אומגליקלעך מאַכן... גיב זיי אָפּ... גיב זיי אָפּ... צוויי הונדערט גולדן האָט ער געקאָסט. נאַט, זעט, פֿון ריינעם גאָלד, אַ מתּנה פֿון האַנסן אין טאָג פֿון מײַן חתונה.



האַנס. גיב אָפּ, טאָכטער, גיב אָפּ. (זי לייגט אַוועק אויפֿן טיש אַקעגן בורגמייסטער).

פּוסט (באַטראַכט אים). מער ווי הונדערט גולדן איז ער ניט ווערט.

האַנס. דו זאָגסט אַ ליגן. צוויי הונדערט גולדן האָב איך פֿאַר אים באַצאָלט, פֿון ריינעם גאָלד איז ער — די פּרײַז אויף גאָלד איז פֿאַר דער צײַט געשטיגן...

פּוסט. הונדערט גולדן.

האַנס. לאָמיר פֿרעגן בײַ אַ יוּוועלירער.

שטימען. זאָל אַ יוּוועלירער באַשטימען.

ברענגט אַ יוּוועלירער.

גוטענבערג (צו דער פֿאַמיליע זיגפֿריד). פֿרײַנט מײַנע טײַערע, איך פֿאַרבאָט אײַך עס טאָן. נעמט צו צוריק אײַער בראַסלעט. איך פֿאַרבאָט דיר עס טאָן.

האַנס. שווײַג, שווײַג, דו זעסט ניט, אַז ער וויל דיך פֿון דײַן וואַרשטאַט אַרויסטרײַבן? דײַן דערפֿינדונג, דײַן האָרעוואַניע צונעמען. באַליידיק אונדז ניט. דער גאַסנשפּילער האַנס זיגפֿריד האָט אַ מענטשלעך האַרץ. נעם, גיב אים אָפּ דעם בראַסלעט. נעם און באַליידיק ניט אַן אָרעמען גאַסנשפּילער.

גוטענבערג (נעמט). אָט איז דער גאָלדענער בראַסלעט. נעמט לויטן אָפּמאַך און געזעץ. איצט זײַט איר שוין זאַט, בורגמייסטער פּוסט?

פּוסט. נאָך איין וועקסל דאַרף ער הײַנט באַצאָלן, דאַן בלײַבט ער באַלעבאָס פֿון וואַרשטאַט, און איך בלײַב זײַן שותּף.

שטימען. לאָזט אים ניט ריידן.

גנײיווע.

גזיילע.

ריכטער. רויִק. פֿאַר אַזוינע אויסגעשרייען וועל איך פֿון געריכט־הויז אַלעמען אַרויסטרײַבן. (שטימען. ער קלאַפּט מיטן שטעקן). רעדט, בורגמייסטער פּוסט.

פוסט. ער איז שולדיק מײַנ קומענדיקנ אײדעם פעטער שע־פער 125 גולדנ. דעם כויוו זײַנעם האָט פעטער איבערגעגעבנ מיר. איך וויל אים הײַנט באקומענ.

אגנעסע. ריכטער, בירגער ערלעכע, דער בורגמייסטער פוסט איז פונעם זינענ אראָפּ. פעטער, וואָס שווײַגסטו? גיי ארויס און זאָג, יאָהאנ גוטענבערג איז דיר גאָרניט שולדיק. נו, וואָס שווײַגסטו? גיי ארויס און זאָג.

קאטערינע (א געלע, געשטופלטע מויד, וואָס האָט די גאנצע צײַט דעם פּאָנעם פארשטעלט מיט א שאל). דו, מויד! איך פארבאָט דיר שרײַענ אפּ מײַנ כאָסנ.

אגנעסע. ווער איז דײַנ כאָסנ? פעטער? בירגער, העלפט מיר לאכנ... פעטער איז איר כאָסנ... (פלוצעם בײַט זי דעם טאָנ, איבע־ראשט). ווארט, ווארט... עפשער זאָגט זי עמעס... עפשער איז זעלבנ אָוונט, ווענ ער האָט זיך מיר אינ ליבע געשוואָרנ, צוגע־זאָגט, אז איך וועל זײַנ ווײַב זײַנ, האָט ער בא איר טאטנ די גאָלדענע רענדלעך געציילט... פרײַלנ יעקאטערינא פוסט, אזוי איז עס געווענ?

קאטערינע. מיט א מויד, וואָס טאנצט און זינגט אפּ אלע מערק און גאסנ, וויל איך ניט ריידנ. פעטער איז מײַנ כאָסנ.

אגנעסע. אך, דו געשטופלטע פארזעעניש, זי וויל מיט מיר ניט ריידנ. זעט, בירגער, ווי זי האלט די גאנצע צײַט פארשטעלט דעם פּאָנעם מיט א שאל... זי וויל ניט, אז דער כאָסנ זאָל זענ, אז בא איר זײַנענ צעפוילטע שווארצע ציינ. איך האָב ניט מוירע. זעט, בא מיר זײַנענ די ציינער ווײַסע, געזונטע... זאָל זי דעם פּאָנעם ווײַזנ! שעמ זיך ניט. (רײַסט אראָפּ פונ איר פּאָנעם די שאל). פעטער, קוק, דער גאנצער פּאָנעם איז אינ גריבער... אָדער דו רעכנסט די גריבער מיט גאָלדענע רענדלעך פארשיטנ? פּאָטער, לײַ פעטערנ א פּאָר אויגנ. בירגער, מײַנ כאָסנ איז טויב און בלינד געוואָרנ... נו, וואָס שווײַגסטו? פעטער! גיי ארויס און זאָג: די אָפּגעקראָכענע פארזעעניש איז ניט דײַנ קאלע, מע האָט



דיך אָפּגענארט. נו, גיי ארויס און דערקלער: איך בינ דײַנ קאלע, און גוטענבערג איז דיר גאָרניט שולדיק.

שטימענ. פעטער!

פעטער!

פעטער. די טאָכטער פונ בורגמײַסטער פוסט איז מײַנ קאלע... דער מײַסטער גוטענבערג איז מיר שולדיק 125 גולדנ. דאָס וועקסל האָב איך איבערגעגעבנ מײַנ צוקונפטיקנ שווער פוסטנ.

אגנעסע. אויב אזוי, איז נא, נא. (בינדט גיך אָפּ דאָס שטיקל טי־כעלע, וואָס געפינט זיך בא איר אפּנ האנט). מיט מײַנ בלוט איז עס דורכ־גענעצט, פארשטאָפּ מיט דעם דײַנ קומענדיק ווײַב דאָס מויל, וועסטו ניט זענ אירע פארפוילטע ציינ. טאטע, מוטער, לאָמיר אנטלויפנ פונ דער פארשאָלטענער שטאָט. (וויינט).

מוטער. שטילער, שטילער.

גײַנצ. אגנעסע, ער איז עס ניט ווערט. מע דארפ ניט וויינענ. דײַנ איינ האָר איז מערער ווערט, ווי אלע רײַכטימער פונ בורגמייסטער פוסט...

אגנעסע (באהערשט זיך). פריי זיך ניט, אלטע מויד, ניט נאָכ דײַנ כאָסנ וויינ איך. בא אים איז די נעשאָמע פונקט אזוי שווארצ און צעפוילט, ווי בא דיר די ציינער. און אויב ער וואָלט זיך איצט פאר מיר אפּ די קני לייגנ און מעכילע בעטנ, וואָלט איך אים, ווי א לײַזיקנ הונט, מיטנ פוס א בריק געטאָנ... איך וויינ, וואָס איך האָב אזא אויסוווּרפּ פינפ יאָר אזוי שטארק געליבט.

האנס. שטילער, שטילער, אגנעסע, דו שטערסט דעם ריכ־טער מישפּעטנ לויטנ געזעצ.

ריכטער. יאָהאנ גוטענבערג, נאָכ 125 גולדנ מאָנט פונ אײַכ דער בורגמייסטער פוסט, אָדער דעם דרוק־ווארשטאט. די בלײַענע אויסיעס, פארב, פאפּיר און אלצ, וואָס עס געפינט זיך אינ דער געבײַדע, גייט איבער צום בירגער יאָהאנ פוסט.

שטימענ. דער ריכטער איז אונטערגעקויפט!

— זאָג, װיפל האָט דיר פּוסט באַצאָלט?
— א נײַעם ריכטער.
— א נײַעם באַשלוס.
— זאָלן אויסגעװײלטע פון די צעכן דעם איניען באַטראַכטן.
— גנײװע אין מיטן טאָג!
— פּעטער האָט זיך פאַרקויפט פאַר געלט!
— א נײַעם ריכטער!
— א נײַעם ריכטער!

גוטענבערג. רויִק! רויִק! בירגער כאַשעװע, װאָס װעלן העלפן אײַערע געשרייען? לויטן געזעץ און אָפּמאַך האָט מען דאָ געמישפּעט. איך בין שולדיק דעם בורגמײסטער פּוסטן 1300 גולדן — אָט זײַנען זיי. (לייגט אװעק אפן טיש). איך בין שולדיק דעם בורגמײסטער פּוסטן לויטן געזעץ און אָפּמאַך זעקס פּראָצענט — אָט זײַנען זיי. (לייגט אװעק אפן טיש). איך בין מעכויעװ דעם בורג־מײסטער צאָלן פאַר פינף יאָר פּראָצענט אַפּ פּראָצענט. איך װייס ניט װיפל, נאָר דער ערלעכער ריכטער פון שטאָט מײַנץ זאָגט נאָך 126 גולדן — אָט זײַנען זיי. (װאַרפט אװעק אפן טיש דעם גאָלדענעם בראַסלעט). איך האָב לויטן אָפּמאַך אָפּגעגעבן א העלפט פון מײַן פאַרדינסט דעם בורגמײסטער פּוסטן. איך װייס ניט, פאַרװאָס איז אים געקומען א העלפט פון מײַן שװערער האָרעװאַניע... נאָר דער ערלעכער ריכטער פון דער שטאָט מײַנץ זאָגט, אַז לויטן געזעץ און אָפּמאַך קומט אים.

איצט מאָנט מײַן אײגענער שילער 125 גולדן.

פינף יאָר האָב איך פּעטערן געלערנט די שװערע קונסט פון דרוקן ביכער. געגעבן עסן, טרינקען, קליידונג. איך האָב אים ליב געהאַט, װי אַן אײגן קינד. ריכטער, װיפל קומט אים?

ריכטער. 125 גולדן.

גוטענבערג. װײניק מאָנט איר...

איך קום אײַך נאָך לויטן געזעץ און אָפּמאַך דעם מאַנטל,



װאָס איך טראָג אַפּ זיך. נאַט, נעמט! (טוט אויס דעם מאַנטל און װאַרפט אפן ריכטערס טיש).

װײניק!!

איך קום אײַך נאָך לויטן געזעץ און אָפּמאַך דעם ראָק, װאָס איך טראָג אַפּ זיך. נאַט, נעמט. (טוט אויס און װאַרפט אפן טיש).

װײניק!!

איך קום אײַך נאָך לויטן געזעץ און אָפּמאַך דאָס העמד, װאָס איז דורכגעװייקט מיט שװייס פון מײַן שװערער האָרעװאַניע. נאַט נעמט. (װאַרפט אפן טיש).

װײניק!!!

אָט האָב איך מיט זיך געבראַכט די הייליקע ביבל, װוּ עס שטייט געשריבן, אַז קריסטן דאַרפן ערלעך זײַן. נאַט, נעמט.

(עס װאַקסט אָן א טומל, אויפרעגונג. גוטענבערג קאָן זיך שױן ניט באַהערשן. עס שפּאַרט פון אים קאַס, באַליידיקונג, פאַר־צװייפלונג. ער גרײַפט אָן אפן טיש, אַפּ די ריכטער. פּוסט, קאַטע־רינע פּוסט, פּעטער, דופּיק, לופּיק, דער ריכטער, די ריכטער־פאַרשרײַבער — אַלע טרעטן דערשראָקן אָפּ. דער האַמוין, װאָס געפינט זיך אין געריכט־הויז, װערט מיטגעשלעפּט פון גוטענבערגס אימפּעט).

אויסגעשרייען.

— פּוסטן דעם קאָפּ אַראָפּהאַקן!
— א רויבער־הויז איז עס!
— אַרויס פונדאַנען!
— א נײַעם ריכטער!

(די באַװאָפנטע װאַך קומט צו זיך. פּוסט פאַרנעמט דאָס אָרט פון דעם דערשראָקענעם ריכטער).

פּוסט. אויב אַזוי, בין איך דאָ מער ניט קיין אָנקלאָגער, נאָר דער בורגמײסטער פון מײַנץ. אין נאָמען פון געזעץ פאָדער איך גע־האָרכזאַמקײַט... די װאַך אַהער! (עטלעכע װאַך־לײַט שטעלן זיך נעענטער צום ריכטער־טיש). זאָלן צװיי פון אײַך בלײַבן שטיין באַם ריכטער־טיש,

די איבעריקע בא די ווענט און בא דער טיר! (די וואַך פּאָלגט).
אויב ווער וועט וואגנ שטערנ דעמ גאנג פונ געריכט, גלײַכ פונ ראטהויז ארויסטרײַבנ. כאָשעווער ריכטער, פארנעמט אײַער פּלאצ, לייענט דעמ אורטייל.

האנס זיגפריד. לייענט! לייענט! און פונ הײַנט אָנ און ווײַטער וועלנ פערד־גאנאָווימ און רויבער א נײַע טפילע זאָגנ: „אזוי האָט אונדז געלערנט טאָנ דער בורגמייסטער פונ מײַנצ".

פוסט. ארויסטרײַבנ פונ ראטהויז דעמ לעצ זיגפרידנ מיט זײַנ פאמיליע.

(די וואַכ פירט זיי ארויס, האנס פונ טיר):

האנס. פארגעסט ניט ארויסטרײַבנ אויכ דעמ עמעס. ער וועט זיכ אײַכ אינ האלדז שטעלנ.

פוסט. לייענט, כאָשעווער ריכטער.

ריכטער. „דער ווארשטאט, די בלײַענע באוועגלעכע ליטערעס, דאָס פארב און פאפיר, די אָפּגעדרוקטע בויגנס פונ דער הייליקער ביבל און אלצ, וואָס עס געפינט זיכ אינ געבײַדע פונ יאָהאנ גוטענבערגנ, גייט איבער אינ רעשוס פונ בורגמייסטער יאָהאנ פוסט.

ארויסגעטראָגנ האָט דעמ אורטייל דער מײַנצער ריכטער, אינ העסקעמ מיט גאָטס געבאָטנ, יוישער און גערעכטיקײַט"...

פוסט. איכ באפעל אלעמענ פארלאָזנ די געבײַדע פונ ראטהויז.

(שווײַגנדיקע, מיט געבויגענע קעפּ גייענ אלע ארויס).

ריכטער (צו גוטענבערגנ). יאָהאנ גוטענבערג, אפּ וואָס ווארט איר?

גוטענבערג. די סטעליע זאָל אײַנפאלנ. די ווענט זאָלנ זיכ צונויפגיינ! דער דיל, אפּ וועלכנ איר שטייט, זאָל זיכ צעשפּאלטנ. אויב ס'איז דאָ א גאָט אינ הימל, דארפ עס גלײַכ געשענ!..



ריכטער. דו לעסטערסט גאָט!

גוטענבערג. ניינ, איכ ווארט אפּ א גערעכטנ אורטייל...

פוסט. קומט, כאָשעווער ריכטער. יאָהאנ, דו קאָנסט בלײַבנ בא מיר ארבעטנ.

גוטענבערג. (שווײַגט. אלע גייענ אוועק. ער דערזעט די ביבל, וועלכע ער האָט אוועקגעשלײַדערט פונ זיכ, הייבט זי אופּ, בלעטערט, רעדט זייער שטיל). 762 בלעטער... פינפ יאָר ארבעט... און איצט וועט דער בורגמייסטער פוסט מיט זײַנ איידעם, ווי פערד־גאנאָווימ, מיט איר האנדלענ... און מײַנ נאָמענ וועט אפּ איר ניט זײַנ אָפּגעדרוקט.

(דער קאָפּ זײַנער זינקט אפּנ געריכט־טיש. מע זעט, ווי עס צוקנ בא אימ די פּלייצעס...).

---

א לעוואָנע־נאַכט. א פוסטער מארק. אַן איינזאַמע בויד, אין דער זייט — דאָס הויז פון בורגמייסטער. דאָרט ברענען אַסאַך פייערן. עס צעטראָגן זיך מוזיק־קלאַנגען, געשרייען, געלעכטער. עס טאַנצן פּאָרלעך. בא דער איינזאַמער בויד — אגנעסע און סימאָן.

אגנעסע. א פינצטערע נאַכט. ניט עמעס?

סימאָן. ניין, די לעוואָנע לײַכט הײַנט ליכטיק.

אגנעסע. דו מיינסט אזוי... און מיר דאַכט זיך, אז זי איז הײַנטיקע נאַכט זייער א פינצטערע.

סימאָן. מע דאַרף ניט וויינען.

אגנעסע. איך וויין ניט. דעם בורגמייסטערס שטוב בלענדעט מיר די אויגן, טרערן זיי...

סימאָן. און דו קוק ניט אהין. דו האָסט דען אין דײַן לעבן ניט געזען קיין כאַסענע?

אגנעסע. געזען... געזען... אָבער אף יענע כאַסענעס איז דער כאָסן געווען ניט מײַנער.

סימאָן. און דו פאַרגעס אָן אים. ער איז ניט ווערט, דו זאָלסט נאָך אים בענקען, ער איז א קאַרגער.

אגנעסע (בייז). בא אים איז א פאַרקרימט מויל.
דינע בלויע ליפּן, ווי בא א פראָש,
א לאַנגע פויגלשע נאָז
און הענט, וואָס הייבן אָן שוויצן, ווען זיי ציילן געלט.
איך האָב אים פײַנט... פײַנט... פײַנט...

(לויפט אוועק).

סימאָן. איך פאַרשטיי גאָרניט. אָט זידלט זי אים. דערלאַנגט א קוק אף די פענצטער — וויינט. און צו מיר איז זי זייער מילד...

(גיינצ פאָגעל קומט צו לויפן).

**סימאָן.** פאַרוואָס אַליין, וווּ איז דער לערער?

**פאָגעל.** זיצט, דעם קאָפּ באַגראָבן אין די הענט, און שווייַגט. איך רוף אים, טרייסט אים. ער ענטפערט ניט...

**זיגפריד** (קומט אַרויס). יאָנטעוו באַ זיי. ליכט אין די פענצטער. שוימיקער וויַן, געזאַנג, טענץ. אַ גאַנצע שטאָט קוקט צו אַזאַ אומרעכט און שווייַגט...

**סימאָן.** הער, זיגפריד. דער קאָפּ שווינדלט מיר פאַר כּעס. די הענט זייַנען מיר שווער, און די אָדערן וועלן פּלאַצן. זאָגט, האַנס, וואָס דאַרף מען טאָן...

**פאָגעל.** דאָס האַרץ פּלאַצט פאַר ווייטיק. ער זיצט, דער לערער אונדזערער, אויפן גאַנעק פון זייַן אייגענער שטוב, דעם קאָפּ באַגראָבן אין די הענט, און שווייַגט. ווי אַ קינד וואָלט באַ אים געשטאָרבן...

**האַנס זיגפריד.** אַרייַנרייַסן זיך צום בורגמייסטער אין שטוב, אַרופגיין מיט די שטיוול אויפן טיש און אַלץ צעטרעטן, צעברעכן, צעשטערן, פינצטער זאָל דאָרט ווערן, ווי באַ אונדז אין בויד.

**סימאָן.** איך גיי מיט אייַך.

**פאָגעל.** נאַ, נעם. (גיט אים איבער אַן אייַזערן דרענגל, אַ צווייטס האַלט ער אין האַנט). און דאָס וועט זייַן פאַר מיר... אַ בעקאָוועדיקע אַרבעט וועסטו הייַנט באַ מיר אויספילן — צעשפּאַלטן דעם פאַלשן קאָפּ פון בורגמייסטער. נאָך זעקס יונגען זייַנען דאָ, געזעלן ברואווע פון געוואַנטן־צעך. זיי וואַרטן באַם וואַלד.

**האַנס זיגפריד.** רוף זיי אַהער!

**אַגנעסע.** ניין, ניין, איך בעט אייַך, טוט עס ניט.

**סימאָן.** האָסט מוירע?

**אַגנעסע.** ניין, סימאָן, איך וואָלט אַליין מיט אייַך געגאַנגען.

**האַנס זיגפריד.** איך פאַרשטיי ניט, וואָס ווילסטו?

**אַגנעסע.** וואָס איך וויל, וועט איר שפּעטער זיך דערוויסן. איצט הערט, וואָס איך וויל ניט. איך וויל ניט, איר זאָלט שטיין, ווי אָקסן, מיט געבונדענע הענט און פיס, און פּעטער, פוסט, זייַנ



אָפּגעקראָכענע טאָכטער זאָלן אייַך שפּייַען אין פּאָנעם... וויייניק זייַנען מיר און שלעכט באַוואָפנט.

זאָל דער פּאָטער גלייַך גיין צו גוטענבערגן, אים אַהער ברענגען, און דו, גיינצ, דרינגט אַרייַן אין דרוקערייַ, באַקומט דעם וואַרשטאַט, שריפט, פּאַפּיר, אַלץ, אַלץ, צו יאָהאַן גוטענבערגן געהערט עס.

**סימאָן.** מע דאַרף באַטראַכטן.

**אַגנעסע.** פּאָטער, סימאָן, גיינצ, אויב איר האָט מיך ליב, טוט, ווי איך בעט... מאָרגן אינדערפרי, — די אָפּגעקראָכענע מאַלפּע, פּעטער, דער בורגמייסטער שליסן אָפּ דעם שלאָס, עפענען ברייט פאַנאַנדער די טירן און גייען אַרייַן אין דרוקערייַ... און זיי וועלן באַגעגענען פוסטע, הוילע ווענט. (טאַנצט פאַר פרייד). ווי אָפּגענאַרטע הינט, וועלן זיי וויען פאַר כּעס און שאַנדע...

**גיינצ.** גוט, גוט צוגעטראַכט, באַם קאַרגן פּעטער וועט דאָס האַרץ פּלאַצן פאַר פאַרדרוס.

**סימאָן.** איך גיי אויך אַהין.

**אַגנעסע.** ניין, ניין, דו בלייַבסט מיט מיר. פּאָטער, טראַכט ניט. דערנאָך וועט זייַן שפּעט...

**האַנס זיגפריד.** גיינצ, געגאַנגען... (צו אַגנעסן). אַ שאָד, וואָס דו טראָגסט אַ קליידל... עס וואָלט דיר אַסאַך מער געקלייַדט אַ שווערד, אַ פּאַנצער, אַ פלינקער פערד... באַלד וועט דאָ זייַן גוטענבערג...

**גיינצ.** זייַ געזונט, אַגנעסע, אויב דו ווילסט, קאָן איך בלייַבן מיט דיר, און זאָל סימאָן גיין באַקומען דעם שריפט...

**אַגנעסע.** דו האָסט מוירע סימאָנען לאָזן אַליין? עס וועט מיט אים גאָרנישט געשען. נו, גיי, גיי, איר פאַרלירט צייַט. (האַנס, גיינצ גייען אַוועק, באַגעגענען אַלבערטן, נעמען אים מיט זיך).

**סימאָן.** אַגנעסע!

**אַגנעסע.** וואָס?

**סימאָן.** בעט מיך, איך זאָל טאָן פאַר דיר עפּעס זייער אַ גרויסע זאַך...

**אגנעסע** (באַקומט פֿון אונטערן בויד א זאַק). האַלט דעם זאַק... צוויי פֿײַער־שטיינער פּרוּוו אויס, צי זיי גיבן גיך און גרינג פֿײַער... וואַרט, איך קום גלײַך אַרויס.

**סימאָן.** וואָס וויל זי טאָן? איך פֿאַרשטיי גאָרנישט...

**אגנעסע.** (קומט אַרויס, אין האַנט א פּעקל שטרוי). האַלט! (אגנעסע שטאָפּט גיך אין זאַק שטרוי).

**סימאָן.** אגנעסע!!

**אגנעסע.** טונקל איז די שטוב פֿון בורגמייסטער. ווייניק ליכט! איך וויל, אַז ניט נאָר די פֿענצטער זאָלן זײַן באַלויכטן, נאָר דער דאַך, די ווענט, דער הימל, אַלץ, אַלץ זאָל ברענען רויט. קום!

**סימאָן.** אגנעסע!!

**אגנעסע.** האָסט מוירע. גיי אַוועק, באַהאַלט זיך אונטערן בויד.

**סימאָן.** ניין, ניין, איך גיי... (גייט נאָך אגנעסען).

(עס באַלויכט זיך א צווייטער ווינקל בינע. א פֿאַרשלאָסענע טיר. א טריוואַקס־שטעמפּל, גוטענבערג זיצט פֿאַרזונקען אין שווערע געדאַנקען, האַנס זיגפֿריד, אַלבערט פֿאָגעל דערנעבן אַנטערן זיך).

**האַנס זיגפֿריד.** יאָהאַן גוטענבערג, אין נאָמען פֿון געזעץ פֿאָדער איך, דו זאָלסט גלײַך אופֿשטיין און זיך שטעלן פֿאַרן געריכט פֿון קאָמעדיאַנט האַנס זיגפֿריד און די ערלעכע געוואַנטוועבער. מיר וועלן דײַן פֿאַרשפּילטן איניען נאָכאַמאָל באַטראַכטן און א גערעכטן אורטייל אַרויסטראָגן...

**גוטענבערג.** א קאַלטע נאַכט. האַנס, דו ווייסט ניט, ווו שרײַט מען דאָס... און פֿאַרוואָס איז הײַנט אַזוי פֿריילעך אין מײַנץ. פֿאַרשטייסט, איך מוז דאָ זיצן... (האַנס וויל ענטפֿערן). ניין, פֿרײַנט, שווײַג. וואָס קאָנסטו מיר זאָגן, זעסט א שלאָס, א טריוואַקס־שטעמפּל. נאָך וואָס זײַנט איר געקומען?

**גיינץ פֿאָגעל.** לערער, מע דאַרף דאָ ניט זיצן. קומט מיט אונדז צו דער בויד. מיר וועלן הײַנט באַנאַכט פֿאַרלאָזן די שטאָט...



**גוטענבערג.** נו, יאָ. נאָך וואָס זײַט איר געקומען?

**האַנס זיגפֿריד.** מיר זײַנען געקומען זען, ווי דער מײַסטער גוטענבערג זיצט אָפּגעזונדערט פֿון זײַן אייגענער שטוב, ווי א בעטלער, און האָט ניט קיין מוט אויסהערן א צווייטן אורטייל.

**גוטענבערג.** א צווייטן אורטייל... נו, יאָ. (כאַפּט זיך פּלוצעם אויף, די אַפּאַטישקײַט פֿאַרשווינדט). האַנס, מע דאַרף ניט קיין צווייטן אורטייל, הערסטו! מע דאַרף ניט. (זעצט זיך צוריק אַראָפּ).

**גיינץ פֿאָגעל.** פֿאַרוואָס דאַרף מען ניט? די ווענט, דער הימל, די ערד שרײַען קעגן אומרעכט...

**האַנס זיגפֿריד.** מע זשליאָקעט דאָרטן ווײַן. מע פֿאַרשיקערט דאָרט די כאַרפּע פֿון מײַן טאָכטער... מע לאַכט דאָרטן פֿונעם אַלטן מײַסטער יאָהאַן גוטענבערגן, וואָס האָט ערלעכקײַט און יושר באַם מײַנצער געריכט געוואָלט געפֿינען... און דו זיצסט דאָ, ווי א בעטלער.

**גוטענבערג.** ניט ווי א בעטלער. ווי א באַלעבאָס. ס'איז מײַן דרוקערײַ, מײַנע באַוועגלעכע בוכשטאַבן. איך האָב זיי אויסגעטראַכט... איך האָב זיי אין פֿורעמס אָפּגעגאָסן... איך בין באַלעבאָס... איך! איך! איך!

**באַלמעלאָכע.** דאַן דאַרף מען האַנדלען, ווי א באַלעבאָס.

**האַנס זיגפֿריד.** גענוג גערעדט, יאָהאַן, דו גייסט מיט מיר.

**גוטענבערג.** איך גיי אין ערגעץ ניט. אָט דאָ איז מײַן פּלאַץ. קיינער וועט די שוועל פֿון מײַן דרוקערײַ ניט אַריבער. איר הערט, קיינער. ווי א דונער, וועט פֿאַלן מײַן פֿויסט אויף יעדן קאָפּ, וואָס וועט אָט די טיר דורכגיין...

**האַנס זיגפֿריד.** ניט קיין קעפּ וועלן מאָרגן דורכגיין, נאָר שאַרפֿע שווערדן פֿון פּוסטס וואַך. און דײַן פֿויסט, ווי שטאַרק ער זאָל ניט זײַן, איז דאָך פֿון פֿלייש, פֿון בלוט, ער איז צו שוואַך צו שטעלן זיך קעגן א באַוואָפֿנטער וואַך... יאָהאַן, אויב דו ביסט ווירקלעך באַלעבאָס, איז קום צו מיר אין בויד און זאָל די יוגנט טאָן, וואָס איר געוויסן זאָגט איר אונטער...

גײַנץ. איר גײט, לערער, מיט האנסן צו דער בויד.

אלבערט. איר גײט נאָר פון גאנעק אראָפּ.

באלמעלאָכע. איר דערלויבט נאָר, וועלן מיר אײנס און צווײ.

2־טער באלמעלאָכע. איר גײט נאָר פון גאנעק אראָפּ. בעסער וואָלט געווען, ווען דער מײַסטער גוטענבערג און האנס זאָלן דאָ ניט זײַן. טאָמער כאַפּט מען אונדז — וועלן מיר אלײן ענטפערן.

גוטענבערג. איך וויל וויסן, וואָס ווילט איר טאָן?

האנס. קום! (נעמט אונטערן אָרעם און פירט אים אראָפּ פון די טרעפּלעך).

קום, פרײַנט... מיר וועלן ניט געפֿעלט אויסטרינקען א בוטל ווײַן, זיך אביסל דערוואַרעמען, און זײ וועלן אין דער צײַט ארויסבאקומען דײַנע באוועגלעכע ליטערעס, דעם ווארשטאט, פּאפּיר.

גוטענבערג (רײַסט זיך ארויס, קערט זיך אום, שרײַט). אראָפּ פון גאנעק, קײן האנט ניט צוליגן צום שטעמפּל! (אלע טרעטן אָפּ דערשראָקן. גוטענבערג שטײט א ווײַלע). איך וועל אלײן... (גוטענבערג גײט גיך צו דער טיר, רײַסט אראָפּ דעם טריוואקס־שטעמפּל, דעם שלאָס, הײבט אָן מיט דער פלײצע ארויסזעצן די טיר). נעענטער, פרײַנט, דאָס, וואָס איך האָב געטראכט טאָג מאָרגן, אין אָנוועזנהײַט פון בורגמײסטער, געשעט הײַנט. (די טיר גיט זיך אונטער. גוטענבערג פארשווינדט אין ווארשטאט).

האנס. אלבערט, פאָגעל, בלײַבט דאָ. איר וועט וואָס באמערקן — זאָגט גלײַך אָן. (פארשווינדט מיט די באלמעלאָכעס אין ווארשטאט).

אלבערט. געווען א קויעך! מיט די הוילע פינגער דעם שלאָס אראָפּגעריסן... א פלײצע צוגעלײגט — איז די טיר דערשראָקן אָפּגעשפּרונגען...

פאָגעל. מע זאָגט, ער פארמאָגט א העלפאנדבײן...

אלבערט. קוק, דער הימל העלט...



פאָגעל. יאָ... יאָ, העל, ווארט, מיר דאכט...

אלבערט. ס'איז גאָרנישט... דאָס האָבן זײ צוליב פּאָמפּע פאקלען אָנגעצונדן.

פאָגעל. נײן... דו האָסט א טאָעס... א רויך, א רויך...

אלבערט. מע בראָט... מע קאָכט... א גאנצע וואָך וועלן זײ פרעסן און זויפן...

פאָגעל. א פײַער!... איך זע א פײַער!...

אלבערט. יאָ... ווארט... לויף אָנזאָגן. א פײַער אפן בורגמײסטערס הויז!!! (פון ווארשטאט לויפן ארויס האנס און די באלמעלאָכעס, פון אן אנדער זײַט פאָרט אָן אגנעסע, מארגאריטע און סימאָן).

האנס. וואָס איז געשען?!

באלמעלאָכע. ווו ברענט?!

גוטענבערג. (לויפט ארויס, אין האנט א זאק. ער גיט א קוק אפן ברענענדיקן הימל, אָבער ניט דאָס פארנעמט זײַן געדאנק). פאָגעל, סימאָן, קומט אהער! איר האָט אכט יאָר מיט מיר אינאײנעם געארבעט. נאט, נעמט: אפ דרײַ גלײַכע כאלאָקים האָב איך צעטײלט. נעמט.

פאָגעל. מע דארף ניט, לערער.

סימאָן. איך וויל ניט, איך בין ניט פעטער...

גוטענבערג. איך באפעל! דערווײַל בין איך נאָך דאָ מײַסטער. נעמט! (זײ נעמען דעם שריפט) (צו האנסן). האנס, גיב צום לעצטן מאָל מיר דײַן האנט... מיט פינף יאָר צוריק האָב איך זיך אָפּגעזאָגט דײַנע ערלעכע שפּיל דרוקן. פארצײַ מיר. פאר מײַן טאָעס האָב איך מיט בלוט באצאָלט... האנס, טראכט אויס א טרויעריקע כראָניקע וועגן מײַסטער יאָהאן גוטענבערג, וואָס האָט זײַן יוגנט, מארך, נעשאָמע, אלץ, אלץ, וואָס ער האָט מיט זײַנע הענט און קאָפּ באשאפן, אָפּגעגעבן דעם קלויסטער און דער ביבל, און זײ האָבן אים מיִעס, ווי שווינדלער, אָפּגענארט. און איר, טרײַע טאלמידים מײַנע, זאָלט מיט די באוועגלעכע בלײַענע אויסיִעס די טרויעריקע געשיכטע אָפּדרוקן, און זאָלן מענטשן אפ גאָרער וועלט וויסן, וויאַזוי דער מײַנצער בורג־

מייסטער, ריכטער, קלויסטער האָבן יאָהאַן גוטענבערגן פון זײַן אייגענער דרוקערײַ באַנאַכט פאַרטריבן... עס ברענט דעם בורגמייסטערס שטוב. געבענטשט זאָלן זײַן די הענט, וואָס האָבן דעם פײַער אונטערגעלייגט. אגנעסע, שפּרינג אַראָפּ פון בויד, איך וויל זיך מיט דיר געזעגענען. (ער געזעגנט זיך).

אגנעסע. קומט צו אונדז אין בויד, מײַסטער גוטענבערג.

גוטענבערג. ניין, ניין, איך ווייס מײַן וועג... (פאַרלייגט אויף פּלייצע א שווערן זאַק און גייט מיט פּאַמעלעכע טריט, א געבויגענער, אוועק. האַנס שרײַט אים נאָך).

האַנס זיגפריד. יאָהאַן, הער, אוועקגיין וועלן טעג, יאָרן, גאַנצע יאָרהונדערטער, און אומעטום, אומעטום וועלן ערלעכע מענטשן לייענען און שפּילן די טרויעריקע כראָניקע וועגן גרויסן אויסטראַכטער יאָהאַן גוטענבערג, וועלכע עס האָט צונויפגעשטעלט דער קאָמעדיאַנט האַנס זיגפריד. זײַ געזונט!

סימאָן. און אָפּדרוקן די כראָניקע — וועלן מיר, זײַנע טרײַע טאַלמידים.

אגנעסע. סימאָן, טרײַב די פערד! (קוקט אויפן הימל). עס ברענט מײַן כאַרפע העל, און מיטן רויך גייט אוועק מײַן באַשפּיגענע ליבע. טרײַב די פערד!

אלע. ווידער ווינט, וואַלד, פריילעכע מערק.
האַנס זיגפריד מיט זײַנע קאָמעדיאַנטן
פאָרן אין דער ברייטער וועלט.
וויאָ! וויאָ!
אין וועג!

(סאָף).

---

# אינהאלט



---

Ціна 1 крб.

Папка 60 к.

ЄВРЕЙСЬКОЮ МОВОЮ

М. ДАНІЄЛЬ

## ВИНАХІДНИК І КОМЕДІАНТ




„УКРДЕРЖНАЦМЕНВИДАВ“